פ. גודמאַן

# אין געשפּאַן

דריטער באַנד

## לידער און געדיכטן

פּעטערסאָן, נ. דזש., 1940

געדרוקט ביי
מאָררים ס. גראָססמאַן
16 וועסט בראָדוויי



# לידער פון היים און פון וועג

דער קאָרק אין מיין נייעם טינטער זיצט פעסט,
איך מאַך אים אויף, ווי שטאַרקן ווייַן:
ניט פון ווייַנטרויבן אין קעלטער געפּרעסט,
וואָס שכור'ט אַז און שלעפּערט איין.

ס'גליט דאָך פריער מיין האַרץ, איידער מיין פעז.
טינקט זיך אין טינטער־טינט, ווי ווייַן:
כ'קען דער ערשטער אין אָפּשפּיגלונג זיך זען,
אויף בלאַנקען־בויגען קריצט זיך איין . . .

## יעדן טאָג

יעדן טאָג, כ'זאָל אַפילו איין שורה דיכטן,
צו גאָר איין גרייז פאַרריכטן;
וועל איך דעם טאָג נישט ליידיק פטר'ן —
זאָל אָבער זיין די שורה,
ווי אַ לויטערער פּערל;
און פּערל צו אַ פּערל וועל איך אויפקלייבן,
פון די פאַרגאַנגענע טעג —
וועל איך אויפציען אַ שנורל פּערל:
דריי הונדערט און פינף און זעכציק פּערל
דורכן יאָר —
און זיך צירן פאַר דער וועלט.

## איך בּיינק נאָך דער שיין —

איך בּיינק נאָך דער שיין פון מיינע לידער,
אין בּוך - פאָרם אויפסניי זיי לייענען;
וועל ווידמענען וועם און שיינקן ווידער,
סאָרטיר זיי גרייט צו דערשיינען.

פאַסט דריטער - בּאַנד לידער, זעלבּער נאָמען,
וואָס ערשטן-בּאַנד נאָך געגעבּן;
די נויט האָט פאַרזייעט די אַלע זאָמען,
וואָס טראָג „אין געשפּאַן" פון לעבּן . . .

פאַסט טאָוולן, ווי רויטע רויזן - בּונטן,
די לידער פון אַלע יאָרן;
פיל שיינען נאָך נאַקעט אומגעבּונדן,
וואָס קען פון די נויט, ניט שפּאָרן . . .

## לאָמיר לייענען בּאַנאַנד

נאָך אַ ליד אין מיין בּוך,
נאָך אַ בּוך אין מיין שראַנק;
און אַ פרייד וועבּט אין האַרץ,
ווי אַ טייער געשאַנק.

אין מיין בּוך נאָך אַ ליד,
אין מיין שראַנק נאָך אַ בּוך;
מיט וועם טייל איך מיין פרייד?
שטאַט איך אָפּ אַ בּאַזוך.

וואָכנדיק ווער עס איז,
נעמט קיין ספר אין האַנט;
יום-טוב-דיק איז מיין האַרץ,
לאָמיר לייענען בּאַנאַנד.

## ס'לעבן אָן לידער

ס'לעבן אָן לידער,
ווי וואַכנדיג ווערט ;
קלינגט, קלינגט אָנערטערעגלעך,
אַ הו - האַ — זיך הערט.

ס'קלינגט שווער און האַמעטנע,
אָפּהענטיק און מיד ;
כ'וואָלט ד'אויערן פאַרשטאָפּען,
ס'טומלט אַ יאַריד.

ס'לעבן אָן לידער,
פאַרשטומפּיקט דעם גייסט ;
כ'וואָלט ד'אויגן פאַרמאַכן,
וואָס טעמפּקייט זיך ווייזט.

וואָס קלינגט אַלץ אינאייינעם,
באַוואָפענונג און טויט ?
ס'לעבן אָן לידער,
פאַרשטומט אין דער נויט.

אָן לידער איז ס'לעבן,
אין הו-האַ, זיך יאָג ;
קלינגט נאָך אַ טומאה —
פון נעכטיקן טאָג ...

קלינגט נאָך וואו שפּאָרן,
אַלט-פאַרזשאַווערטער-קלונג —
נאָר, ס'יונגוואַרג זינגט לידער,
ווי קרעפּטיקט דיך יונג ...

# איך פאַרשרייב

אַ גוטע שורה, פאַר אַן אָנהייב
איך פאַרשרייב;
און נאָך אַ גוטן אָנהייב,
שרייבט זיך ווייטער גרינג;
און אויפגעלעבטעס האַרץ,
גיט אַ זינג:
די פרייד פון שאַפן,
ווייטער, ווייטער געשמידט;
ביז אַ גאַנצע אַרבעט,
טוען פאַר דער וועלט —
און שורה נאָך אַ שורה,
נאָכגעזען, וואָס פעלט —
נאָר, דער פיין פון געבורט,
וואו ס'איז שווער אַן אָרט;
פרישט דער מאָרגן אויף
און ליכט אויף און געדאַנק,
קלאָרט זיך אין מיין זין:
ס'אויסגעטרוימטע,
ס'ענטשיידענע;
און ברייגנט אַ ניי וואָרט;
און די פרייד פון שאַפן,
לייטערט זיך און שמידט;
און שורה נאָך אַ שורה,
זינג איך אויס מיין ליד.

## ברויט ס׳פּראָזייעשסטע ליד

ברויט ! ספּראָזייעשסטע ליד פון אַלע לידער —
שרייט ווער אויס, זיין סחורה אויפן מאַרק !
אַלין מיטן זעלבן נגון,
שטענדיק דער זעלבער פּזמון :
ס׳שטיקל ברויט — פאַר דער נויט,
יאָגט די כּוחות אַרויס ;
צערייסט זיך ס׳האַרץ,
צערשטערט די שטימונג —
ברויט ! ס׳פּראָזייעשסטע ליד !
קלינגט איבער אַלע לידער ...

ברויט ! ספּראָזייעשסטע ליד פון אַלע לידער —
קרעכצט ווער אונטערן יאָך,
אַלין מיטן זעלבן נגון,
שטענדיק דער זעלבער פּזמון :
ס׳שטיקל ברויט — פאַר דער נויט,
יאָגט דעם דוך אַרויס אין פאַבריק ;
פאַרשקלאַפט ס׳לעבן !
פאַרביטערט ס׳געמיט —
ברויט ס׳פּראָזייעשסטע ליד !
שרייט איבער אַלע לידער ...

## אַרום דעם לעבן

ס'ציט זיך אַזאַ לאַנגער פאָדעם,
אַרום דעם לעבן ;
ציט זיך, ציט זיך, ציט,
דער יאָך ציט צו צום לאַסט,
ווי אָנגעקניפּט איינס, ס'אַנדערע ;
ס'לעבן שלעפּט ! שלעפּט ! שלעפּט !
אונטעריאָכט פון נויט ...

ס'ציט זיך, ווי אַ וויקל - שנור,
אַזאַ לאַנגער פאָדעם, פול מיט קנופּען ;
ס'לעבן צופּט די קנופּן,
ווי מיט געפרוירענע פינגער,
צעררייסט איין קנופּ,
ווערט אַנאַנדער קנופּ,
אַ קנופּ אויף אַ קנופּ,
בינדט צו דער יאָך !
ס'לעבן שלעפּט ! שלעפּט ! שלעפּט !
בלוטיקט און קעמפט ...

## פאַרשווערט לעבן

פאַרשווערט לעבן — פאַרטריבט ס'אויסזען,
פאַרבלייכט ס'געזיכט, דעם קאָפּ פאַרגרויט ;
אזוי ס'געמיט, ס'געשלייער פאַרבט,
באַגלייך, ווי אונדז באַמאָלט די נויט.

טרעפט ס'האַרץ איז יונג, דער קאָפּ איז גרוי
און אין געדאַנק, ווי שווער זיך קלעפּט ;
און ס'אויג דערקענט זיך ניט אין בליק,
ווי שטאַרק די נויט צוזאַמען וועבט.

## וואָס ניט דערזינג

וואָס ניט דערזינג און ניט דערזאָג
און ניט דערגיי און ניט דעריאָג;
און וואָס פאַרזע און וואָס פאַרזאַם,
איז פערד און צוים, אַרום אַ צאַם ...

נאָר, סיי ווי סיי, ווער קען דערגיין?
כאָטש שפּיל אין פערדלעך, רייט אַליין;
און שפּיל אויף די רולעטקע שטעל —
דערווייל איך וויל, דערנאָך איך וועל ...

נאָר סיי ווי סיי, ווער קען דערשטיין?
אַ שטויבל פליט אין וועלט אַריין;
און אין אַ ווינקל אין דער שטיל,
פאַרשווינדט פאַרביי דער גאַנצער שפּיל ...

אַ שאָד פאַרלירסט, די וועלט איז רייך,
אַ שאָד, דאָס לעבן איז ניט גלייך;
אַ קייט פון נויט שמידט רינג, נאָך רינג —
אַ שאָד דאָס ליד, וואָס ניט דערזינג ...

## וואָס איך באַזינג

וואָס איך באַזינג אין מיין ליד,
וועבט זיך די פאַנטאַזיע, וועבט;
און דעם געדאַנק, וואָס איך שמיד,
קלינגט מעלאָדיעש און באַלעבט.

און אָן געשמאַק ווער דען לייענט?
און אָן אַ זין וועם געפעלט?
ווען די דערהויבונג באַשיינט —
און די פאַרטיפונג באַזעלט ... ...

## פאַרטיילט —

ניט געוויילט און נאָר געאיילט,
ניט גערוט און נאָר געשפאַנט ;
שפּרייזט ווי ווייט און אומבאַקאַנט —
און דעם וועג נאָך פריער צייַלט ...

ניט געוויילט און נאָר געשפּרייזט,
ניט גערוט און נאָר געשפאַנט ;
טיילט מיר צו אַ מידע האַנט,
פון דער קאַרגער - נויט געשפּייזט ...

ניט געוויילט און נאָר געאיילט,
שפּרייזט אויך ס'אויג און בליקט פאָראויס ;
דאַכט זיך, ווי אַ שאָטן בלויז —
און דער שיקזאַל מיך פאַרטיילט ...

## דער באַלאַנץ

איינער קלוגט זיך, איינער נאַרט זיך,
איינער שלעפּט דעם צווייטנס יאָך ;
יאָגט דער עול און שרייט אים נאָך,
וואו נאָר ער שפּאַנט אַ טריט ניט גיך.

און ווי פלינק יעטווידערער איילט,
צום באַלאַסט אַ יעדן פרי ;
דאָך, דער באַלאַנץ פון דעם'ס מי —
האָט אַנאַנדערער זיך פאַרטיילט ...

## דער ערשטער וועג

דער ערשטער וועג אין פרי,
איך גיי אַראָפּ די טרעפּ;
מאַך אויף די טיר צום גאַס,
די גאַס באַווייזט זיך טריב;
ווערט טריב מיין האַרץ און גרוי,
ווי ווערט מיין טאָג אַוועק?
לוינט יאָ אַמאָל מיין מי,
וואָס גיי זיך אָן און שלעפּ;
באַטש קום אַהיים שוין בלאַס,
באַגעגענען מיך ליב:
מיין הויז - געזונד און פרוי —
און בענש דעם גוטן וועג.

נאָר, וויפיל גוטע טעג,
זיך טרעפן דורכן יאָר?
און וועגן מער פאַראַן,
וויפיל אין יאָר די טעג —
וואו שפּאַרט נישט אָן מיין לאַסט?
פאַרשילטענדיק מיין יאָך —
נאָר, ווייט, ווי ווייט אַוועק!
ווער קען דען ציילן גאָר?
דאָך יעדע שפּעטע באַן,
וואָס הערסט נאָך ווייט אין וועג;
פאַרשפּעטיקט לויפט מיט האַסט!
און האָף. וואָס קומט דערנאָך...

## אויף וויפיל וועגן ?

אויף וויפיל וועגן שפּאַן איך אום
און איַיל אַהיים אויף איינעם ?
איז ליבּער מיר דער איינער וועג,
איך זע אַ וועג, אַ שיינעם.

אויף הונדערט וועגן יאָגט דער טאָג,
די נאַכט פירט היים אויף איינעם ;
איז ליבּער מיר — דער איינער וועג,
בּייט גרעסטן וועג אויף קליינעם.

אויף טויזנט וועגן טרייבּט די נויט
און לאָז זיך היים אויף איינעם ;
איז ליבּער מיר — דער איינער וועג,
וואָס יאָגט זיך ניט פאַר קיינעם ...

## אין מיין יאָך

טעג נאַך טעג אין מיין יאָך,
בּלייבּ איך הינטערשטעליק נאָך ;
יאָג איך יאָג דעם יאָך וואָס טראָג,
יאָג איך נאָך דעם נעכטיקן טאָג ...

קומען אָבּער, ווידער טעג,
בּלייבּ איך הינטערשטעליק אין וועג ;
יאָג איך יאָג די פיס אין שפּאַן,
פייפט מיר אונטער יעדע בּאַן ...

ווער איך עלטער, וואָס אַ יאָר,
בּלייבּ איך הינטערשטעליק גאָר ;
יאָג איך יאָג מיין אויג אין קאָפּ,
שטעלט דער טייפל דעם אָטעם אָפּ ...

## יעדן טאָג —

יעדן טאָג, ווי אויסגעבעטלט,
איז דאָס לעבן נאָר מיט דאַנק;
הלומ'ט זיך בּיי נאַכט מיר איבּער:
ס'גאַנצע לעבן אַ געשאַנק ...

חלומ'ט זיך בּיי נאַכט אַ בּעטלער
און פאַרדינגט זיך מיט געבּעט;
כאָטש קיין טאָרבּע און קיין קאַליעס,
בּיי מיין לעבן קיינער זעט ...

יעדן טאָג, ווי אויסגעבּעטלט,
יעדע נאַכט דעקט צו די שאַנד;
נאָר, אַ דאַנק, ניט ווער פאַרצווייפלט,
רייסט זיך אַלץ צום ווידער - שטאַנד ...

## איך טראָג אַ מידקייט

איך טראָג אַ מידקייט פון מיין לאַסט,
די אויגן שווינדלען פון געדריי;
גיט ס'ראָד אַ שליידער מיר פאַרבּיי,
אַ לויזער פליגעל, וואָס ניט פּאַסט ...

ציט זיך אַ מידקייט פון מיין יאָך,
ווי ס'ציט אַ קראַנקן צו צום בּעט —
און וועמענס קנאַפּל דען צערטרעט,
וואָס וואַרפט אַרויס, ווי אייזן - בּרוך ? ...

אַ לויזער פליגל פון מאַשין,
אַן אָפּגענוצטע אַלטע שרויף —
נאָר כ'נעם די מוסקעלן צענויף,
גאָר אַנדערש ווערן ווי איך בּין ...

## ווי אַ מאַשין

כ׳שמיר אוים, ווי אַ מאַשין,
די מידע הענט צום שלעפּען ;
פון קעלער שטופּ כ׳הייב אָן,
ביז שטייג די העכסטע טרעפּען.

און וואַקלט זיך מיין טריט,
אַ שכור ווערט זיך נאַרן ;
די פּאַראַנגצע כ׳האַלט אָן,
די מאַסע אָנצושפּאַרן.

און פאַל איך מיטן לאַסט,
אַראָפּ אַ יאָך פון נאַקן ;
כ׳שמיר אוים, ווי אַ מאַשין,
די ביינער זאָלן קנאַקן ...

## נעכטן און היינט

וויפיל נעכטן בין דערגאַנגען,
קען איך היינט שוין ניט דערגיין ;
און וואָס אַלין איך פרואוו דערלאַנגען,
בלייב איך שוין אַלין ווייטער שטיין ...

וויפיל נעכטן האָב דערטראָגן,
בין איך היינט צו טאָג ווי מיד ;
און וואָס אַלין איך וויל דעריאָגן,
שלעפּ איך זיך אַ קראַנקער מיט.

וויפיל נעכטן האָב געליטן,
שרעקט מיך היינט צו טאָג דער פּיין ;
אוי, וואָס אַלין זיך אומגעביטן —
זאָל דער יאָך פאַרשאָלטן זיין ...

## אויף די וועגן

יעדן טאָג אויף אַנדערע וועגן,
נייע פנים׳ער באַגעגן ;
שיינען הערצער אין די אויגן —
זע איך, וועמעס וועגן טויגן ...

שרעקן אָבער, פרעמדע וועגן,
וואַרפן פאַרוואורפן אַנטקעגן ;
און אַזעלכע ביסטרע צויגן —
זעסט דעם טייפל אין די אויגן ...

טרעפן הרמות אויפן פרעמדן,
שלעפּ די קללות אויף די לענדן ;
און אַזויפיל שטרויכל - שטיינער —
וועלכן וועג, באַטרעט ניט קיינער ? ...

## אוי, ווי ס׳ווילט זיך

קליינלעך פאַרדינסט און אָרעם לעבן,
דאָס ביליקסטע — די ליפּן פאַרבייסט —
שווערט אַראָפּ אָט אַזאַ באַלאַסט
און וואָס אַמאָל אַ מידערער שפּרייזט.

שלעפּט שוין ראָד נאָך ראָד, אָט אַלע פיער,
אַזוי דער וואָגן איז איינגעשפּאַנט ;
לאָדנסט נאָר אָפּ אַ שטיק פונם אַקס,
קלעפּט זיך אַנאַנדער שטיק, ווי צעמענט.

קליינלעך פאַרדינסט און אָרעם לעבן,
דאָס גאַליקסטע פאַרטרינקסט דערנאָך —
אוי, ווי ס׳ווילט זיך אַ ריס טאָן ס׳געשפּאַן !
נישט זיין קיין שקלאַף פאַר פרעמדן יאָך.

## דער פּוס אָף אַ שפּאַן

אַ פּוס אָף אַ שפּאַן,
דער מהלך איז ווייט;
צייל אָבער קיין טריט —
און מיד אויך מען גייט.

נאָר, פריש און געזונד,
איז ליבער פון לאַנג;
און נענטער, וואָס קום,
אַלץ גרינגער דער גאַנג.

וואָס שווערער דער וועג,
אַלץ לענגער איך גיי;
נאָר, ס'לעבן אַ שווער'ס —
ווי פלינק גייט פאַרביי ...

## אַ טאָג איז געבוירן

א טאָג איז געבוירן,
געגרייט זיך ניט אָן;
דעם טאָג שוין פאַרלוירן
און גאָר ניט געטאָן.

אַ טאָג אָנגעוואוירן,
געפוילט זיך אַ גאַנג;
די נאַכט ווערט געבוירן,
וואָס טוט אַזוי באַנג?

אַ טאָג אָנגעוואוירן,
וואו בין איך געוועןְ?
נאָר, ס'וועט ניט געדויערן
און ווידער זיך זען.

# טעג פאַרהאָרעוועטע

טעג פאַרהאָרעוועטע,
איבערַ חלומ'ען די נעכט —
דאַכט מיר:
ווי אין שאָטן פון אַ קעלער שטיבעל,
וואוינט אַ קוישעל מאַכער,
פלעכט, פלעכט די קוישלעך;
שוין אַ פולן קעלער שטיבעל,
אָנגעלייגט מיט קוישלעך
און יעדעס ליידיקע קוישעל,
איז שוין פול מיט זאָרג,
ביז איבערן קאָפּ פון קוישעל מאַכער —
און די נעכט פלעכטן איבער די חלומות:
פון די טונקעלע, פאַרהאָרעוועטע טעג ...

# אויף שטעג און וועג

אויף שטעג און וועג קיין שפאַן ניט שפּאָר
און בלייבט אַמאָל אַ צייכן, ווי אויפן שניי —
דער טראָט צערטרעט,
אויף טריט און שריט;
און שפאַן איך אַהין,
שפאַנט דער אַהער,
שוך אויף שוך, מיט'ן טראָט פאַרדרייט;
טרעט מיין זויל אַרויף דעם'ס קנאַפּל,
טרעט דעם'ס קנאַפּל איבער מיר —
נו, געפון אַ צייכן,
וועמענס שפּור פאַרשווינדט?
שרעקט זיך וואָס, ווי אַ פאַרלוירן קינד ...

## איי, פאַרשוואַרצט

איי, פאַרשוואַרצט !
איי, פאַרשוואַרצט לעבן !
דורך וועמענס שולד ?
און וועמענס שולד מאַלט זיך ?
ווי ס'טראָגט ווער אַ שולד איבער די גאַסן,
לייען איך איבער,
לייען איך איבער,
ס'איז אַנאַנדערנס אַ שולד —
און ווער ס'גייט אים נאָך
און ווער ס'קומט אים אַנטקעגן,
לייענט איבער די שולד,
לייענט איבער די שולד,
נאָר, ס'איז אַנאַנדערנס אַ שולד —
און ווי מאַלט זיך זיין אייגענע שולד,
ווי ער טראָגט אין זיך זיין ניט ? ...

## לײדיק —

ס'ווילט זיך ליידיק ניט אַהיים גיין,
גיי איך ניט מיין הויז פאַרביי ;
און מיין שטוב איז אויסגעליידיקט,
לויפט אַרום אַ ווינד און וויי.

מיד פון ליידיקגיין — אַ מידער,
כ'שטיי אָן שטעקן אָנגעשפאַרט ;
און דער מאָגן בורטשעט ליידיק -
און דער קאָפּ ווערט אויסגעדאַרט.

## האָב איך אַ זאָרג

האָב איך אַ זאָרג,
זאָרגט זי אויף ברויט ;
קאַרגט אויפן פונט,
וועגט אויפן לויט.

פאַלט שוין די זאָרג,
אויף קינד און רינד ;
שפּאָרט איין די נויט,
פעלט צום געזינד.

ציט שוין די וואָג,
ביינער און הויט ;
שטייגט אויפן פוד,
שווערער די נויט.

האָב איך אַ זאָרג,
טראָגט זי אַ זאַק ;
ריים איך און פליק,
אַראָפּ דעם פּאַק ...

## די נויט האָט בייטשן

די נויט האָט בייטשן,
טרייבט, טרייבט די נויט,
אַ שטריק אויפן האַלדז,
אַרויסגעשטאַרטשעטן צונג,
וערגט זיך און פאַרשלינגט דעם טויט —
אָבער, ווער טוט אָפּ אַזוינס ?
אַ שוועבלונג !
קומט אָפּ מיט פלוך :

צו דער פאַסקודנער וועלט —
נאָר, די בייטשן פון נויט,
טרייבן ניט דעם העלד,
זיך צו טויטן;
נאָר רופט אַלע נויט - ליידנדע:
צום קאַמף!
אָפּצושאַפן די נויטן,
פאַר אַ שענערער וועלט.

## אַזוי ווי דער ווייזער

אַזוי ווי דער ווייזער,
אַזוי דער באַוועג;
מוז רעדל זיך דרייען,
דעם ווייזער אין וועג.

דער ווייזער, מוז ווייזן,
מוז ווייזן דורכאויס;
מוז שפּינדל באַוועגן,
דעם ווייזער פאָראויס.

שפּרינג - פעדער מוז דינען,
דעם ווייזער אין צייט;
נישט צופיל אָנציען,
נישט צופיל פאַרדרייט.

ס'קען ספּרונזשינע פּלאַצן,
אַ האָר, ווען נאָר פעלט;
ווערט ווייזער — אויס ווייזער,
דער ווייזער זיך שטעלט ...

## לויפט מענטשעלע

עס שמייעט אום אַ גאַנצן טאָג,
אַ מענטשעלע — אַ וויאַטריקל ;
איז, ווי ווינט - פליגלן אין געיאָג —
און לויפט אויך, ווי אַ וועוויאָרקל ...

ווי דריידל דרייט זיך אום און לויפט,
ביז דריידל שטעלט זיך אָפּ, ווי מיד ;
איז מענטשעלע, ווי צוגעשרויפט,
אַזוי צום יאָך און שווער - געמיט ...

לויפט מענטשעלע — אַ פערדעלע,
איילט הענדאָס-פענדאָס, הענט און פיס ;
ווי ס׳פּאַכעט ווער, אַ שווערדעלע —
און שניידט דאָס האַרץ, ווי שקלאַף עס איז ...

## מיר דרייען דאָס ראָד

מיר דרייען דאָס ראָד און באַוועגן,
אַרום זיך אַזוי צוגעטראַכט :
ווי ס׳דרייט זיך אַווינט - מיל מיט פליגלן,
וואָס דאַכט זיך פון איין שטיק געמאַכט.

און הערט אויף די ווינט - מיל זיך דרייען,
אַ פליגל, נאָך פליגל בלייבט שטיין ;
מוז אָבער דער מילנער ס׳מעל מאָלן,
דרייט ס׳מיל - ראָד דער מילנער אַליין.

נאַר, שפּרייט זיך דער ווינט אויף די פליגלן,
זיי כאַפּען פון דרימל זיך אויף ;
דער מילנער ניט דווינזשעט אָנלייגן,
די פולע זעק - מעל ביז אַרויף.

## האַנדל - וואַנדל - זאַמדל

אינם וואָכנדיקן האַנדל - וואַנדל,
הייבט זיך אויף אַ באַרג און פאַלט אַ זאמדל ;
ווירבלט זיך אין דרייען און זיך יאָגן,
וואו דער ווינט, דאָס זאַמדל נעמט פאַרטראָגן.

שטייט זיך פעסטער באַרג אַרויף ביז אויבן
און אַמאָל אויף פליגל זיך דערהייבן ;
קומט אָן זאַמדל מיטן ווינט צופליען,
בלייבט ער גראָד. ביים באַרג צופוסנס קניען.

נאָר וואו זאַמדל, זאָל זיך ניט דערטראָגן,
סיי אויף טויטן בערגעל זיך מיט קלאָגן ;
סיי אויף באַרג, דער ווינט זאָל איבערקערן —
און דאָס זאַמדל וועט פאַרשאָטן ווערן ...

## ער רעדט זיך אָן

ער רעדט זיך אָן אַ פולן בויך
און געהאַנדלט מיטן ווינט ;
און האַנדלט, וואַנדלט, ס'גייט אַ רויך,
ביז פלאַצט, ווי אַ זייפן-בלאָז געשווינדט.

אַרויסגעוואָרפן אַזוי פיל רייד,
אויסגעשריען זיך די קעל ;
דעם נעכטן מיטן היינט געבייט —
און זיך אָנגעשוואוירן לייב און זעל.

## כ'מוז אַרומגיין זוכן

כ'מוז אַרום גיין זוכן,
דאָס שטיקל ברויט פאַרדינען;
און פאַרהאַנדל פאַר קליין געלט,
מיינע טעג;
און די נעכט,
כ'דערלייג פאַר אַ צולאָג,
ס'זאָל קלעקן פאַר אַ וואוינונג —

וויפיל צייט כ'פטר אַוועק?
וויפיל לידער כ'וואָלט פאַרטראַכט?
כ'פאַרצייכן נאָר די אָפקלאַנגן,
וועלכע לייגן זיך שווער,
ווי די האַנט אויפן האַרץ,
אין מיטן שלאָף;
נאָר דער קרעכין רייסט איבער דעם חלום,
וואָס וועבט זיך אוים פון לעבן ...

## צום טייפל

די שעהן — דאכט זיך, טיילט עמיץ איין,
די ליכטיקע נעמט ער פאַר זיך,
די פינסטערע גיט ער מיר אַוועק;
אַזוי, ווי כ'פטר ס'געזונד פאַרן טייפל
און די מידע ביינער
טראָג מיט זיך אַהיים —
אַז דעם חשבון - הנפש כ'מאַך,
טונקעלן מיינע אויגן,
ווי אַ פאַרקאָפטשעט לעמפּעל;

כ׳מוז זיך אַנידער לייגן.
ס׳זעקל - ביינער אָפּרוען —
האַ! וואָס?
טויט - מיד —
כ׳שלאָף שוין!
אַ גוטע נאַכט —
נאָר דער טייפל לאַכט:
מיט ןוואַסערע חלומות,
ר׳וועט מיין שלאָף,
צורעכט מאַכן.

## צום טייפל

דאָס גוטע געמיט און געזונד,
איך פּטר צום טייפל אַוועק;
זאָל כאָטש נישט נאָכטייטן אַ זינד —
און ווייזן, ווי עפּעס אַ פלעק.

בייז-ווילק, אַזעלכס קען אָפּטאָן,
אַזוינס, וואָס אַ קנייטש ניט פאַרגלעט;
אַ שמייכל אַ פאַלשן דערצו —
און הינטער די אויגן באַשפּעט.

צום טייפל איך פּטר מיין צייט!
אין האַנדל, אין וואַנדל און לויף —
שוין ליבערשט געוועבט אין פאַבריק,
ווי איידער ס׳געוויסן פאַרקויף...

## ווען דאָס פייער זיך צופלאַמט

אינם וואוינונג, וואו זיך צי,
ציט זיך מיט אַריין די נויט ;
און פון קאַלטן אויוון ווייעט,
ציט אַ ציטער דורך דער הויט.

נאָגט אַ גרוילנדיקער — פיין,
ווי פאַרשטעקט אויף צפון - וועלט ;
און דער קאַלטער אויוון פרירט —
און די נויט, זי קרעכצט און שעלט.

קאָכט דאָס בלוט פון זיך אַליין
און אַ פייער ערגעץ רייצט ;
חלומט זיך אַ קוילנשאַכט —
נאָר, מיין שטוב, איז ניט באַהייצט.

גוט איז כאָטש אַ פייער - צונג,
בלאָזט אַמאָל זיך אָן אויף רויט ;
ווען דאָס פייער זיך צעפלאַמט,
ווערט אַ באַרג - אַש פון דער נויט.

## דאָס בילד וואָס וויטאָקט

דאָס בילד, וואָס וויטאָקט ביזן בלוט,
ווי פרעגנגעס צייכנט אויפן לייב ;
נאָר, פרייד, וואָס לאַשטשעט און באַרוט,
ווי מיט אַ פעדער גרינג פאַרשרייב ...

און פרילינג׳ס - פינזעל אַנדערש מאָלט,
ווי פראָסט פרירט, אונטער נעגעל שטעכט !
און יעדעס בילד, וואָס טיפער גרוילט,
עס קריצט זיך איין אין פיין זיך פלעכט ...

# נעבן מיין הרובע

נעבן מיין געפרוירענע הרובע,
פריר איך אין מיין גאַנצע גאַרדראָבע;
און אַ זאַווערוכע דרויסן,
ווייט, ווי וואָגלענדיקע פויזן.

דאַכט מיר, איך הער טריט זיך שאַרן,
וואו נאָר אַ שוועל, זיך אָנשפּאַרן;
וואו נאָר אַ ליק, זיך פאַרשטעקן,
וואָגלענדע פון אַלע עקן.

זאָל כאָטש בליזאַרד ניט פאַרשיטן,
אין מיטן וועג — אַ קבר אין מיטן;
ווייס פאַרשנייט, ווי אין תכריכים,
לעבעדיקע מתים קריכן.

נעבן מיין געפרוירענע הרובע,
פריר איך אין מיין גאַנצע גאַרדראָבע;
אוי, מיט פייער גלוסט זיך שפּילן!
און די וועלט אין פלאַם איינהילן.

## ווי אייז בערג

ווי אייז - בערג אויף די שויבן,
גליטשט זיך אַרויף דער פראָסט ;
ווי די קעלט פון ים - הקרח,
אין מיין שטוב זיך צעלאָזט.

מיט אייז פאַרקאָוועט די שויבן,
ווי אַזאַ ווינטער - גאַרדראָב ;
אַ בלייערנער הימל גרויט,
אַדורך די פראָסטיקע שויב.

## ווייסע שניי נעכט

ווייסע שניי נעכט,
אויף די פענסטער גלימערן ;
ציט אַ פראָסטיקן אָטעם,
ס'קריכט דער פראָסט אויף די שויבן —
קרעכצט אין קעלער - שטוב אין קאַלטן,
ס'יאָגט דורך אַ גרויל —
נאָר דער קליינער קונדס'על,
איז נישט אַנדערש, ווי אין דער שויב פאַרליבט,
ר'זעט אַ גאַנצן וואַלד בוימער :
איפן שויב בליען,
פאַר די קעלער שטוב צו הייצן —
קראַצט ער און צייכנט מיטן נאָגעל,
אַלערליי געמעלן אויס —
נאָר, די מאַמעס געשרייען :
אַ שויב וועט מיר פּלאַצן,
יאַגט מיט שרעק דאָס קונדס'על,
פון פענסטער אַוועק.

## שניי —

גאַנצענע קופּקעלעך, ווי צענויפגעבאָלטער שניי
וואַרפט דער הימל אויף דער ערד,
ווי אַ שטיפער —
דער ווינט טאַנצט אונטער,
כאַפּט זיי אונטער די הענט
און שפּילט זיך,
מיט אַזוי פיל שניי - באַלעמלעך מיט אַמאָל;
שיט זיך, שיט זיך שניי,
גאַנצע פלאַכטעס מיט שניי,
שיט דער הימל, דעקט צו די ערד,
ווי פאַר א פאַרקילונג.

אַ גאַנצע באָמבאַרדע — מיט קוילעכלעך שניי
וואַרפט דער הימל אויף דער ערד,
דאָס טוט ער אפשר נאָך:
עמיצנס ווילדן קאַפּריז — —
אָבער נישט פאַר אַ פאַרוויסטונג — —
ס'פאַלן שניי-באָלעכלעך,
דער ווינט טראָגט זיי אין אַ ווירבל - געדריי,
ווי זילבער שטיקלעך שימערן זיי
און לאָזט זיי ארויס פון די הענט,
פאַר די שניי - שאַרער —
ס'וועט זיי צונויץ קומען ...

## פֿאָרבּרייטונג

ווי אַן ערב-יום טוב,
איז מיין פֿאָרבּרייטונג צום ליד;
ווי אַ פרוכט זיך צייטיקט,
דער געדאַנק זיך רייפט,
בּיז דעם פֿאָרם איך שמיד.

ווי אַן ערב-יום טוב,
טו זיך פֿאָרבּרייטן פריער;
דאָס שרייבּ - געצייג ליגט גרייט פֿאַר מיר —
און די קלאַנגן חוזר'ן זיך איין,
איידער נאָך מיין ליד זעט דעם שיין.

## אָן אַ יום - טוב

אין טאָג פון מיין דערשינענעם בּוך,
פּראַוועט קיינער ניט קיין יום - טוב;
קומט ס'בּוך אויף דער וועלט,
ווי ס'ווערט אַן אָרעם קינד געבּוירן —
בלויז די מאַמע פרייט זיך
מיט איר ניי - געבּורט.

ס'יום - טוב'ט מיין האַרץ אַליין,
פרעמד איז מיין סביבה,
ווי וואָכנדיק, זי איז,
ווי די אָרעמסטע וואָלט געווען.

ס'דערשיינט מיין בּוך,
ווי אַן אָרעם קינד
אָן אַ יום - טוב —
יום-טוב'ט מיין האַרץ אַליין,
ווי בּיים בּאַנייען אַ ספר.

## ווי לאַנג

ווי לאַנג דויערט שרייבן מיין ליד,
ווי גרויס זאָל ניט זיין, אָדער קליין ?
ווי לאַנג, אָבער, פריער איך טראַכט,
ביז זע אונטער שאָטן אַ שיין ?

ווי לאַנג, אָבער, ס׳קלאָרט זיך אין זין,
דויערט דאָס געבירן ניט לאַנג ;
פריער כ׳הער אַ נגון זיך ברומט,
איידער טו אויסשמידן דעם קלאַנג.

ביז וואַן אָבער, ס׳שלייפט זיך מיין פען,
בין פון איבער שרייבן ניט מיד ;
וויפיל, טו אויספאָרעמען אויפסניי —
ביז באַשאַף אַ נשמה אין ליד ...

## שטימונגס - ליד

עס טרעפט אַמאָל אַ סטרונע ציט,
צום ערשט א נגון צום געמיט ;
דערנאָך, די ווערטער איך פאַרטראַכט,
וואָס פאַרע שטימונג מיר געבראַכט ?

נאָר, אָפט מאָל איז מיין ליד פאַרפאַסט,
דעם נגון שפּעטער צוגעפּאַסט ;
די ווערטער, פריער אויסגעשמידט,
ווי ס׳לעבן וואַכנדיק זיך ציט ...

# דער מאַן מיטן גאָלדענעם זכּרון

דער מאַן מיטן גאָלדענעם זכּרון,
קען מעשׂות דערציילן פֿון יאָרן:
„אַמאָל איז געווען אַ קעניג",
ער קען שוין די מעשׂה אויסנווייניק —
און קען אויך פֿאַרגעסענע ראָמאַנען,
גרייז־גרויע זיך קענען דערמאָנען —
און ווייטער, וואָס האָט זיך געטראָפֿן,
די אַלטע לייט ווערן אַנטשלאָפֿן —
אָ, וויפֿיל פֿאַרגעסן אומגערן,
דאָס יונגוואַרג האָט ליב נאָך צו הערן;
ווינקט בּחור מיט מיידל זיך איבּער,
זאָגט מיידל צום בּחור מיין ליבּער:
קום לאָמיר, אים לאָזן דאָ ריידן,
ער טוט אונדז לאַנגווייליקן בּיידן —
הייבּט ווידער דער מאַן אָן דערציילן:
אַ מעשׂה פֿון שדים און היילן,
אַ מעשׂה אָן בּאָדן, אָן זינען;
„פֿון טויזנט און איין נאַכט געשפּינען",
בּיז הייזעריק געוואָרן זיין שטימע,
פֿאַר ליידיקע בּענק בּיזן בּימע —
דער סוף איז געווען פֿון בּעל־זכּרון,
ער איז מיט די מעשׂות אָפּגעפֿאָרן ...

## וויפיל פּנים'ער

וויפיל פּנים'ער באַקאַנטע,
מיט הערצער אומפאַרשעמטע,
איך גיי זיי פאַרביי ;
און די פאַרריסענע נעזער
און אויגן פרום-פאַרגלאָצטע,
וואָס שרעק זיך פאַר זיי.

נאָר, הערצער פאַרשעמטע
און ווייט אָפּגעפרעמדטע,
איך גענען צו זיי ;
ווי צו שטילע, באַשיידענע
און נאָענטע און אייגענע,
מיט ליבע דערביי.

## די ווענט פוצן זיי אויס

די ווענט פוצן זיי אויס מיט פּאָרטרעטן,
פּאָרטרעטן פון דענקער און פּאָעטן ;
דאָך, ווי זייער ווערק שאַרפזיניק בלאַנקן,
שימלן זיי אָפּ פּאָליצעס און שראַנקן.

דען ווער טוט זיך גריבלן אין זיי דאָרטן,
אַז גאָר עוסקן זיך אין שפּילן קאָרטן ;
טאָלירן און טאַשן קאָרטן-פּעשלעך,
ביז די טאַשן ליידיק, ווי ביי תשליך.

הענגען אָט די בילדער פאַר אַ שײַנדל —
און זיי שפּילן קאָרטן און אין "ביינדל" ;
און אין קאָרטן-קלייזלעך זיך פאַרנעמען —
און זיי טוען די פּאָרטרעטן פאַרשעמען ...

## אין אַן אַרבייטער שול

ס'הענגען פּאָרטרעטן פון מאַרקס און לענין,
אין דער אַרבייטער שול אויף די ווענט;
מאַרקס און לענינס פּאָרטרעטן, דענקמאַלן!
און דאָס יונגוואַרג ווי ליב צו געגעבנט.

פּוצן אויס די קינדער, מאַרקס און לענין,
פּלייסן זיך, וואָס פּלייסיקער אין שול;
שיינט אַרוים הפּנים מאַרקס אַ זשעניע —
און ס'געזיכט פון לענין, איז ווי שטאָל.

פרייט זיך דאָס יונגוואַרג, זייער געראָטן-שאַפונג,
הענגט מיט מאַרקס און לענין אויפן וואַנט;
גאַרט שוין דאָס קליינוואַרג, ווערן אויך אַמאָל גרויס זיין,
ווי אַ מאַרקס און לענין איז באַקאַנט.

לערנען זיך די קינדער, מאַרקס און לעניך,
קענען זייער לערער, וואָס ער לערנט;
שאַט ניט, וואָס אין ניט פון קאַמף זיי לערנען —
און אַ וועלכן פּעדאַגאָג עס דערצערנט ...

## מיט דאַרע קוואַרע פינגער

מיט דאַרע, קוואַרע פינגער
און איינגעשרומפענע הויט ;
און הענט, ווי העלצלעך גרינגער,
זיי טראָגן איר שווערע נויט.

מוז פוצן פרעמדע פענסטער
און היטן קינד און רינד ;
און אָנזען זיך דער קלענסטער,
ביי יעדן, וואו זי דינט.

מוז וואַשן, פוצן, רוימען,
די קיך און דאָס געשיר ;
און יאָגן זאָל ניט פאַרזאַמען,
ביי יעדער פרעמדע טיר.

מוז סקראָבן פרעמדע שראַנקן
און שאַרן ביז בלוט רויט ;
דאָס מעש, ווי גאָלד מוז בלאַנקן —
און זיך פאַרשמינקט די נויט ...

## זייער איינציק מיידל

ס'שלייכט אַ שאָטן אום דער פאָטער,
מיטן אָנלען-שטעקן גייט ;
און די מאַמע איז פאַראַלייז —
זעט שוין ניט קיין שיין זיך שפרייט.

היט זיי, זייער איינציק מיידל,
ווי עס איז פאַרלייכט די נויט ;
האַלט אַן אויג וואַך איבער ביידע
און אַליין זיך בלייכט און גרייט.

װעלקט אין מײדל'ס האַרץ איר ליבע,
אָן אַ שמײכל אין געזיכט;
קלאָגט די מוטער אױף איר דאָליע —
צאַנקט די טאָכטער, װי אַ ליכט.

## װיג - ליד

נער זיך, נער זיך פונם פלעשעל,
זױג מײן קינד פון אָרעמען קװאַל;
אַז דײן מאַמעס ברוסט, די קװאַרע,
זײנען אָנגעזאַפּט מיט גאַל.

נער זיך, נער מײן אָרעם לעבן
דו ביסט גרינג און ס'האַרץ איז שװער;
האָט שױן נױט מיך אױסגעזױגן,
אױסגעטרוקנט יעדער טרער ...

ביסט מײן אָרעם קינד געבױרן,
מיט דײן מאַמעס לעבענס-לוסט;
כאָטש אַן אַם מײן קינד צו זױגן,
מיט אַ פולע װאַרעמע ברוסט.

נער זיך, נער זיך פונם פלעשעל,
זױג מײן קינד פון אָרעמען קװאַל;
װײס שױן, װײס עס נאָך פון װיגעל,
אַז די װעלט איז פול מיט גאַל ...

## דער וועג וואָס איז געווען גרינג

דער וועג, וואָס איז געווען מיר גרינג,
געווען, ווי נאָענט אַ לויף, אַ שפּרינג;
קוקט אויס מיר היינט, ווי ווייט און שווער,
דער פוס שפּאַנט מיד פון מאַרק־פּאַרקער.

שפּאַן איך, ווי ווייט אַהיים צוריק,
אָף יעדן פאָרער וואַרף אַ בליק;
נאָר יעדער פאָרער איילט פאַרביי
און איך, ווי ווייט צו פוס איך גיי.

שפּאַן איך, ווי ווייט ביז פאַר מיין טיר,
מיין אינגל לויפט אַנטקעגן מיר;
דו ביסט מיד פּאַפּאַ קום אין הויז!
און ס׳רענצעל נעמט פון האַנט אַרויס.

רו איך אַווייל ערשט אָפּ פון יאָך,
דער טאָג־פאַרדינסט, וואָס קלעקט דערנאָך?
זיפצט צו מיין פרוי, דאָס מאָל־צייט גרייט —
אינאיינעם שוין דער טאָג פאַרגייט.

שטייט אויפן טיש דאָס אָוונט־ברויט,
דער אָוונט שאַרט זיך צו און גרויט;
און ס׳ביסן פאַלט פון האַנט אַרויס —
און לאָזט אַ פלוך צום לעבן אויס ...

## דער סאָלדאַט מיטן ביקס אין האַנט

דער סאָלדאַט מיטן ביקס אין האַנט,
וואָס האָט געלעבט אַמאָל אין לאַנד;
ער איז אַוועק אין קריג דעם פיינט —
נאָר ניט צוריק געקערט ביז היינט.

ווער ווייס וואוהין איז זיין געביין,
צו אויסגעבלוטעט אויף אַ שטיין?
נאָר, וואָס מען ווייס ניט פון זיין ענד —
געשטעלט אים אויף אַ מאָנומענט.

שטייט אויסגעשטאַטעט פעסטן-שטאַנד,
דער סאָלדאַט מיטן ביקס אין האַנט,
פון שטאָל און בראָנז זיין מאָנומענט
און גראַניט-שטיין זיין פונדאַמענט.

שטייט ער באַרימט אָף נאָכן טויט,
ווי שטייף די מוסקעלן, האַרט די הויט
נאָר, ווער זיין טויט האָט דען באַקלאָגט?
ווען גלידער-ווייז געווען דערשלאָגט.

נו, אויסגעצייכנט, אויסגעקריצט!
זיין רום אין לאַנד איז שיין באַפּוצט;
און זיין דענקמאַל קוקט אויס פון קריג:
אַ העלד, אַהיים געקערט פון זיג ...

# ניי - יאָר - נאַכט

ניי-יאָר-נאַכט !
נאַכט, פון גלעקלעך געקלימפּער —
נאַכט, פון געפייף און געפילדער —
קלינגען איבער די גאַסן :
קליינוואַרג און גרויסוואַרג,
זינגען מיטן אָנקום
פון ניי-יאָר.

ניי-יאָר-נאַכט !
צוועלף ביי נאַכט !
לאָזט דעם אָטעם אויס :
ס'אַלטע יאָר —
שיסן אויס לעצטן שאָס,
די וואָס עוסק'ן זיך אין שיסן
אַ גאַנץ יאָר — —
און הילכן ווידער אָפּ אַ שאָס :
אויפן נייעם יאָר — —
קלימפּערן גלעקלעך,
האָרנס בלאָזן :
ניי-יאָר ! ניי-יאָר !
ס'אַלטע יאָר אויסגעפייפט,
האָט געטויגט :
צו אַלדע גוטע יאָר.

## וואַלן —

אַ טאָג פאַר די וואַלן,
לאָזט יעדער זיך הערן ;
דורך גאַסן געפּילדער,
אַ ראַש קען מען ווערן.

דורך ווימל, געטומל,
ועט וואַל-טאָג אָנקומען ;
און פירן די וועלער,
אין בּודקע צו שטימען.

אַ קרייץ — איז געווינען,
אַ גול — איז פאַרלוירן ;
נאָר, טו מיט די לעפלעך,
פאַרשטאָפּן די אויערן.

וואָס הערסט, איז נישט זעלבּע,
וואָס זעסט מיט די אויגן ;
פאַרשפּרעכנס — פון פריער,
אַף שפּעטער ניט טויגן.

און ציילן די שטימען,
אויף ציפער בּיי לייטן ;
ווער קען ניט דעם חשבּון,
פון חלוק בּיים צווייטן ?

פון חבּור און חסור,
זיך מאַכן אַ כּפל —
און איבּער די וואַלן,
הענגט שטענדיק אַ צווייפל ...

## ניט פאָראויס — ניט הינטער מיר —

פרי-אויפשטייער !
און שפּעט שלאָפן גייער !
וויפיל פליסיקייט אין דיר ?
ווערט מיד, מיזאַמער,
גיי איך לאַנגזאַמער —
און פאַרשפּעטיק גאָר ניט מיר.

מי זיך, מיזאַמער,
פאַרן פאַרזאַמער ;
וויפיל וויליקייט אין דיר ?
נאָר, בייז איילענעש,
ברייננגט צערטראָגענעש,
יאָגט פאָראויס, וואָס שרעקט זיך מיר ...

מי זיך האָפּערדיק !
מעג זיין אייפערדיק !
ווער איזדיקעוועט זיך איבער דיר ?
קום באַליידיקטער !
קום פאַרשפּעטיקטער !
ניט פאָראויס — ניט הינטער מיר ...

## ביים גרענעץ

דער מענטש זיך באַגרענעצט
מיט פּאַרקאַן באַצוימט ;
באַפּוצט, ווי מיט דערנער,
מיט טשוועקעס באַזוימט.

דער מענטש אַזוי שוצט זיך,
פאַרפעסטיקט זיין פּלויט,
און האָט פאַר זיין פּאַלאַץ,
אַ פעסטונג געבויט ...

אין פּאַלאַץ דאָס רייכקייט,
אין דרויסן די נויט ;
ווערט ריזיקע ס'לעבן —
און הפקר דער טויט ...

דער מענטש שטייט ביים גרענעץ,
מיט ביקס און מיט שווערד ;
און קנאה און שנאה —
פאַרבלוטיקן ד'ערד ...

## דאָס ליד פון אַרבעטער טעמפּעל

מיר בּויען „לייבּאָר-לייסעאום", מיר בּויען,
די וועלט זאָל שענער, בּרודערלעך זיך טרויען;
מיר בּויען און זיך טרויען אָף יסודות בּאַנייט,
אַ ציגעל, צו אַ ציגעל וואַקסט מיט אונדזער פרייד.

מיר שטייען דאָ בּיים מויערן טאָג-טעגלעך,
לויט הילף אין כּוחות און פאַרמעגלעך;
זאָל פון בּאַשטייערונג דער בּנין שענער זיין,
פון ערשטן ציגעל אָן, בּיז לעצטן ווינקלשטיין..

מיר בּויען און מיר מויערן דעם בּנין
און מעסטן מיטן ווירע גראָדע-ליניען;
אַ ציגעל שורה, נאָך אַ שורה — צעמענט שטאַרק!
בּיז בּעלקעס אייזערנע טראָגט בּנין אויפן קאַרק.

מיר בּויען אַרבּעטער טעמפּעל, מיר בּויען,
זאָל אַ שיין טאָן אין לעבּן טונקל-גרויען;
אין בּויען פילט זיך קראַפט, אין בּויען פילט זיך יונג!
מיר בּויען שענער לעבּן, דאָס האַרץ טוט אַ זינג ...

# ברידער

ווענען זאָל איך לייענען מיינע לידער ?
לינקס און רעכטס זיך קריגן מיינע ברידער ;
און די רעשט אין קאָרטן-קלייזלאַך זיך פאַרקלייבן —
וועל איך מיינע לידער, פאַר מעמוארן שרייבן.

שפּעטער, ווען דער קריג געווים אויפהערן,
קענען דאָך זיך ברידער אויס ניט ווערן —
איז געווען אַ קריג: אַ ברודער מיט אַ ברודער,
ברודער מיט אַ ברודער, איז געווען דערווידער ...

איצטער איז קיין צייט נישט שטראָפן ביידן,
וועלכער ברודער וויל נישט קריג אויסמיידן ?
איז דאָך נאָר צו שטוינען, ווער איז נישט איינסגלייכן ?
ס'איז דאָך ניט אַ קאַמף פון אָרעם קעגן רייכן ...

ווענען זאָל איך טאַדלען, ווענען שוינען ?
אַז זיי ביידע קריגן הונגער-לוינען ;
און אַ קליקע ביוראָקראַטן פרעסן, זויפן,
האַנדלען מיט די ברידער — ביידע צו פאַרקויפן ...

# שלייפן —

אַלע יונגן מיך באַגריסן,
וואָס אין שלייפן טו אויספוצן ;
יעדער — אַנדערש לאָזט מיר וויסן :
ביז אַזוינס אַ שליפס מיט שפּיצן.

ברייננ איך מאָדעס אין די שניפּסן
און וואָס נייע קאַראַוואַטן ;
לאַכט אַ בחור ביים פאַרשליפסן,
אַז דאָס פּאַסט זיך פאַר זיין טאַטן.

און דעם פּאַסט זיך פאַר אַ זיידן,
ס'וועט זיין מיידל ניט געפעלן ;
און דער בחור איז באַשיידן,
וויל אין שפּיגל זיך פאַרשטעלן.

ברייננ איך שאַטירונגן און שטרייפן,
אויסגעקעסטלט טייל-ווייז קומען ;
ליבט אַ בחור אָט די שלייפן,
ווי זיין מיידל'ס קלייד די בלומען,

בייט איך פאַסן און קאָליערן,
ווי אַ מיידל איר קאַוואַליער ;
קנייטשט אַ בחור זיך דעם שטערן,
וועלכן שלייף ער קלויבט אוים פריער.

ברייננ איך מוסטערן צו צייגן,
ווי די זון אין פלאַם אין רויטן ;
און דער פרילינג איז דאָך אייגן,
ווי דער האַרבסט איז גלייך אַ טויטן.

בּייט איך מאָדעם יעדן סיזן,
ווי דאָס אויג גיט רייץ דעם ווילן;
ווי עס בּייטן זיך קאַפּריזן,
ווי דעם'ס האַרץ און דעם'ס געפילן.

בּריינג איך שלייפן טויזנט חן'ען,
די מיט בּלומען, די מיט שטרייפן;
ווילט זיך לאַכן, ווילט זיך וויינען,
ווען אַ וועלט איך טו פאַרשלייפן.

## קאַראַוואַטן

מיר קענען קאַראַוואַטן נישט קויפן,
אַ שטריקל דעם האַלדז קען צו ציען;
די נויט, זי ציט שוין אויף איין אופן,
אַפילו דער טשוואָק איז אַנטליען.

נאָר, וואָס קען אַ שטריקל אויסהאַלטן?
געפלאָכטענעם שטריק, ווער קען בּריינגען?
בּיז צונג ארויסשטעקן, אַ שטייף-קאַלטן,
וואָס נויט וועט אין ווינקל אויפהענגען.

מיר קענען אין שטריק זיך אויספּוצן,
נאָר, וואָס פאַרע פּנים וועט עס געבן?
און ווער וועט דאָס שיינע אויסנוצן,
ווען נויט וועט אויפהענגען דאָס לעבן?

# און וויפיל

און וויפיל איך זאָל נישט נאָך וועבן
און שלייפן פאַרקויפן ביים לעבן ;
און וויפיל נאָך לידער אָנשרייבן —
און וואָס וועט מיר לענגער פאַרבלייבן ?

נאָר, וואָס ווערט מיר אַלט און צעררימן,
נאָך ס'בלוט אין די אָדערן פליסן ;
צעררייסט זיך מיין מיזאַמער מיען,
דער לאַסט, ווי עלאַסטיק טוט ציען.

און שלייפן פאַרקויפן — דערעסן,
כ'זאָל נאָר נישט די לידער פאַרגעסן ;
אַלטעגליכע זאָרגן, וואָס מאָנען,
וועם, נעבטיקע שולדן דערמאָנען ?

און וואָס איז די מי, פונם האָווען,
הענט פאַטשן אַ בראַוואָ, דעם בראַוואָען ;
באַניגנט דען דאָס אויסצוקלייבן,
צו קען אַן אַפּלאָז לאַנג פאַרבלייבן ?

און וויפיל איך זאָל נישט נאָך וועבן,
מיט לידער עס זינגט זיך דאָס לעבן ;
און וואָס מיך באַלעסטיקט, דערווידער,
מיך וואַקסן אַריבער די לידער ...

## איך לייען איבער די לידער

איך קוק איבער די לידער,
ווי דער גערטנער די בלומען;
און די שורות און שירות,
מאַך צורעכט, ווי די בייטן;
און גיב אכטונג טאָג-טעגלעך,
ווי דער גערטנער אין גאָרטן;
היט ער פרילינג דאָס בליען
און פון זומער דאָס וואַקסן —
אָבער, ווינטער די בלומען,
מוז דער גערטנער מער היטן;
אונטער אייגענער וואַרעמקייט,
וואַקסן קונסטלעך —אינספּעקטן —
לייען איך איבער די לידער,
לויפן מיר דורך די יאָרן,
ווי עס פאַלן די בלעטער;
און די האָר זיך שוין גרויען,
ווי עס וויאַנען די קווייטן —
נאָר, איך היט, ווי דער גערטנער,
אַרבעט איבער די בייטן ...

# ליבעס בריוו

אויפן בוידעם אין אַרכיוו,
ליגן אַלטע ליבעס בריוו ;
נאָר מיין ליבע איז פאַרוויִעט,
מיט מיין ליבסטע אָפּגעשיידט.

נעם איך דעם אַרכיוו באַגראָב,
און זוך ליבעס בריוו אין שטוב !
זוך איך בריוולעך אין שופלאָד
און געפין זיי אין קאַמאָד.

קלויב איך ליבעס בריוו צענויף,
וועלכע ליבסטע וואַרט איך אויף ?
און דאָס בריוועל איז פון לאַנג,
וועלכע ליבסטע איז מיר באַנג ?

בינד איך בינטלעך בריוו באַנאַנד,
שטרעק נאָך ליבע אויס אַ האַנט ;
נאָר, די ליבסטע, וואָס איך גלויב,
פאַלט פון ליבעס בריוו אַ שטויב.

מיש איך בריוולעך און פאַרמיש,
מיט אַ בלאָז דעם שטויב פאַרוויש ;
און מיין אויג לויפט איבער נאָך,
פינטלט איבער יעדן פראַך.

נעם איך אָט די בריוו פאַרשליס,
ווערט אָן ליבע ס׳לעבן מיאוס ;
און מיין ליבע איז שוין אויס,
אָן אַ ליבסטע אין מיין הויז.

נעם איך אָט די בריוו פֿאַרבּרען
און אַ ליבּעס בּריוו דערקען ;
ווי עס פּלעמלט זיך אין שוואַרץ,
טוט אַזוי אַ צוק אין האַרץ.

אויפֿן בּוידעם אין אַרכיוו,
ליגן אַלטע ליבּעס בּריוו ;
נאָר, מיין ליבּע איז פֿאַרווייעט,
מיט מיין ליבּסטע אָפּגעשיידט ...

## נאַכט טראָג ליבּעס בּאַשייד

נאַכט, מיין ליבּע פֿאַרבּאָרג,
נאָר, ווער שלאָפֿט ניט פֿאַרזאָרג ?
און מיין ליבּסטע איז וואַך,
שפּינט איר ליבּעס טרוים, שפּינט ;
און איר ליבּעס-בּאַשייד,
ס'האַרץ שוין ציטערט די שפּראַך :
וואָסער ליבּעס בּריוו גרייט,
פֿאַר מיין ליבּסטע אַצונד.

נאַכט, טראָג ליבּעס-בּאַשייד,
נאָר, ווער שלאָפֿט ניט פֿאַר פֿרייד ?
גליק, ווי אָרעמערהייט,
אַן עשירות געבּראַכט —
און מיין ליבּע זיך רעגט,
פֿאַר איר שעמעוודיקייט ;
און מיך האַלדזט און בּאַפּלעגט,
בּין דער רייכסטער, מיר דאַכט.

## ווען פרילינג קומט

ליבעם וויי רעגט זיך אין טרוים,
ווען מיין יוגנט זיך דערמאָן;
פרילינג איז געוועזן אין בלי,
האָט איר אויג אַ שיין געטאָן.

האָט מיר אויסגעדאַכט אַ רויז,
רויטלט זיך, רייצט מיט געגנוס;
און די ליפּלעך, ווי אַ קנאָספּ,
זיך געעפנט פאַר מיין קוש.

האָט מיר אויסגעדאַכט מיין ליבסטע,
טריפט מיט האָניק אין געביין;
און מיין שעמעוודיקע בלום,
וועט באַלד צו דער חופּה גיין.

האָט געלויכט מיין פרילינג-רויז,
ציטערדיק באַרירט און צאַרט;
און מיין יוגנט אַזוי באַנג,
נאָך דער ליבע האָט געגאַרט.

און די ווייסע ליליען-בלום,
ווייסער צוויט און בלומען בלאַט;
יעדעס בלעטעל האָט געדופט,
אין אַ מילדן אַראָמאַט.

האָט געלאָקט די ליליען-בלום,
אין איר ווייסע חופּה-קלייד;
און מיין יוגנט איז געוועזן,
ווי פון פרילינג אויך אַ קוויט.

האָב איך בלומען אין מיין לאַנד,
פרילינגדיק זיך אָנגעטאָן;
און מיין ליבע זיך דערמאָן,
ווען דער פרילינג קומט מיר אָן.

## איידער די ליבע באַשיידט

יונגנקע, פריידיקע מחשבות,
ביז אַ "באַשערטע" געפין;
מעסטן זיך הענט — און זיי געניצן,
טרעפט ליבעס-ערקלערונגן דערין.

מאָלט זיך אַזוי אויס פיל פאַרבנדיק,
ביסקל דאָס פאַסנדע קלייד;
דאַכט זיך אַזוי אויס פיל פנים'דיק,
איידער די ליבע באַשיידט ...

## זאָגט נישט אויס

די לבנה — ווי אַ ביוסטן קאָפּ,
ס'פנים מיט פלעקן;
און איינגעפאַלבטע קנייטשן,
ווי אַן אַלט פאַרזעסענע מויד,
טראָגט אָנגעטאָענע פאַטשיילע
פון אַ שוואַרץ-נאַכט טיכל אַרומגעהילט.
ווי אַ מאָנאַכן —
און שוועבט, שוועבט, שוועבט
איינע אַליין —

די לבנה — ווי אַ מאָנאַכן !
רוקט זיך אונטער אַ וואָלקן,
שאַרט זיך צו איר צו, ווי אַ מאָנאַך,
וויל זי אַרום נעמען ;
עפנט אַ טיר, ווי אין מאָנאַסטער
און פאַרשווינדט מיט איר אין פינסטער —
שאַ, שטיל,
שאַט נישט,
קיינער זעט נישט,
בלויז דער מאָנאַך :
די מאָנאַשקע —

אין "פּאַרק" — פּאָרלעך,
זוכן זיך אָפּ אין פינסטער,
ווילן זיך אַרום נעמען —
שאַ, שטיל,
שאַט נישט,
קיינער זעט נישט —
און די לבנה,
ווי אַ נאָנע,
זאָגט נישט אויס.

# אין גלוסטיקן לוסט

אין גלוסטיקן־לוסט,
פאַרגעסט זיך אָן גייסט;
נאָך גוט, וואָס ניט לאַנג,
דער ליבעס־צוג רייזט.

דער ליבעס־צוג רייזט
און גיט זיך א שטעל;
גלוסט ווידער אַ ווייל,
בלייבסט ווידער אָן זעל.

געלעבט האָט אַמאָל,
אַ פּאָר אין אַ וואַלד;
אין זין געהאַט איינס,
געהייראַט זיך באַלד.

דאָס פּאָר איז אַוועק,
געמאַכט אַ געצעלט;
דערמאָנט זיך פון וואַלד,
גאָר איבער דער וועלט.

עס שפּילט זיך נאָך איצט,
וואָס ליבעס־שפּיל איז;
אויך גאָר אין איין גלוסט,
שפּילט קאַרליק מיט ריז ...

## דער ראָמאַן טרעגער

אַנאַנדערער פירט זיך בּיים אָרעם,
דער טראָגט דעם ראָמאַן אונטערן אָרעם;
שוין יאָרן און יאָרן און יאָרן,
ער טראָגט דעם ראָמאַן אין זכרון;
און האַלט דעם ראָמאַן אין בּאַשרייבּן,
נאָר קען נישט די ליבּסטע אויסקלייבּן.

ער טראָגט דעם ראָמאַן אין די בּלעטער
און וואַרעמט די ליבּע אַף שפּעטער;
נאָר, ווייסט נישט, זאָלסט לאַכן, צו וויינען,
נאָך הונדערטער בּלעטער אויסלייענען;
זאָל כאָטש זיין ראָמאַן זיך איינגעבּן,
ווען טרעפט אַ בּאַשערטע אין לעבּן.

אַנאַנדערער פירט זיך בּיים אָרעם,
דער טראָגט דעם ראָמאַן אונטערן אָרעם;
פאַרוויקלט די בּלעטער אין טאָוולן,
די ליבּע, זי טאָר נאָר ניט יובּלן;
און פירט זיך בּאַשיידן בּיז וואַנען,
די ליבּע, זי הייבּט אָן פאַרוויאַנען ...

# בלומען טעפּ

די בלומען טעפּ, וואָס אויף די פענסטער,
גיבן פרילינגס-חן אין הויז;
און יעדעס בלומען-בלעטעל שפּרייט זיך,
שטרעקט זיך צו דער זון אַרויס.

וואַקסט פאָדערשטע בלום שענער, שענער,
ניט דעם קאָפּ אַראָפּ געבויגט;
ווי ס'שפּילט זיך קינד אין זון-שיין דרויסן,
העכער פון אַ צווייט-קינד שטייגט.

נויגט הינטערשטע בלום קאָפּ אַרונטער,
שטעל איך צו דער זון אין פראָנט;
ווי קינד אַ פרעמד'ס איך בין מקרב,
נענטער צו, ווי אייגנס נאָענט.

וואַקסט יעדעס בלומעל, ווי אויף הייוון,
איינס מיט אַנדערן גלייכט זיך אויס;
דאַכט זיך אַ גערטנער היט די בלומען —
און דער פרילינג אין מיין הויז ...

## דער ערשטער נגון
(פֿאָלקס-ליד)

מיין מאַמעס געשאַנק כ'טו געדענקן,
איר סדור'ל האָב איך געקריגן;
וואָס זונעלע האָסטו געזינגגן?
דעם אלף-בית מיטן נגון.

מיין טאַטנס געשאַנק כ'טו דערמאָנען,
אַ חנכה-דריידל געקריגן;
וואָס אינגעלע האָסטו געזינגגן?
"הנרות-הללו" מיטן נגון.

מיין רבי האָט מיך אויך באַשאָנקן,
אַ קנייפּ אין בעקל געקריגן;
וואָס בחור'על האָסטו געזונגן?
די גמראָ מיטן נגון.

מיין כלה אַוודאי ערהינערט,
וואָס דרשה-געשאַנק געקריגן;
בעל-הבית'על, וואָס האָסטו געזינגען?
דעם דלות מיטן נגון.

# איך פאָר מיט דער באַן

איך פאָר מיט דער באַן פון מיין וועלטעל,
מיר דרייט זיך די ערד טאָג און נאַכט ;
וואָס אַנונג זיך מאָלט אין באַוועגונג,
וואָס דורכן מעת-לעת, וואָס זי מאַכט.

כ'באַוואונדער — ביי נאַכט בין געשלאָפן
און פינסטער ארום איז געווען ;
געריזט וויפיל טויזנדער מיילן —
באַגינען די זון האָב דערזען.

פילט אפשר דער יכּ איר באַוועגן ?
מיט כוואַליעס זיך וואַרפט טאָג און נאַכט —
און טרעפט זיך די ערד גיט אַ ציטער,
דאָך קיינמאָל, קיין אָפּשטעל זיך מאַכט.

נאָר, איך פּאַסאַזשיר וועל אָפּשטייגן,
אָן מינדסטן באַוועג אין געביין ;
מיין וועלטל, מיין פּראַכט-צוג וועט ווערן —
אין וועלכן וואַגאָן וועל איך זיין ?

## מיין אָרט —

פאַר מיין הימל'ס האָריזאָנט,
גלייך אַ מיטל-פּונקט געפין;
נאָר, מיין פּלאַץ, וואָס איך פאַרנעם,
ווייס אַליין ניט וואו איך בין?

און ווי גרויס עס איז מיין וועלט,
בלויז אַ ווינקל איז מיין אָרט;
ווי אין גאַנצן אוניווערז —
איז מיין וועלט אַ פּינטל דאָרט...

## אין וועלכן ווינקל

אין וועלכן ווינקל דרייט זיך מיין וועלטעל,
צו דרייט זי זיך אַוועק פון איר שטח-רוים?
מיין ווינקל אָבער, שטענדיק מוז בייטן,
וואָס ווערט מיר ענג און קיינמאָל גאָר ניט געררוים.

דאַכט מיר, איך בין אַ וואַנדערנדיקער שטערן,
באַהיט זיך כאָטש, וואָס ניט אָנשלאָגן ביזן סוף —
נאָר, וואָס ציט מיך הין, הער, דריי זיך אינם צירקל,
ווי די זון ציט די ערד און האַלט איר לעבן אויף...

# די וואונדער פון וועלט־אַל

אויף איין וועלט די זעלבע, לעבן מיר אַלע,
דעם אייגענעם אוניווערז זעען אַלע;
און וועלט-טייל, נאָך וועלט-טייל,
זעט די וואונדער פון וועלט-אַל —
זע איך אַ שורה שטערן,
ווי אַ קייט-אינזלען אויף דער ערד;
פינקלען פון הויכע ווייטענישן,
ביז ס'מאַניעט פאַרן אויג,
קוים, קוים אַ פינטעלע שטערן —
כ'גריבל זיך אין וועלט-אַל,
ווי גרויס איז דער אוניווערז?
נאָר, מאָלט זיך:
ווי שלינג איין דעם ים — —
נאָר אפשר זיינען די שטערן די ווייטע,
נישט אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן,
האָבן אַ נענטערע צו ציהונג-קראַפט —
טראַכט איך נאָך די שטערן,
ווי כ'טראַכט נאָך גאָט —
נאָר שטערן זיינען פאַראַן נאָכצוטראַכטן;
און וואו איז גאָט פאַראַן?
ער זאָל מיר אַנטפּלעקן;
די וואונדער פון וועלט-אַל ...

## מאַרס —

דער נאָענטער מאַרס רויטלעך פינקלט,
צום ערד פּלאַנעט ;
צו שטייט ביים ראַנד מאַרסעיאַנער
און טראַכט פון ערד מענטש ?

אַז ס'מאָלט דער ערד-מענטש, דעם מאַרסעיאַנער,
אוים אַ רויטן ;
צו מאָלט נישט מאַרסעיאַנער, דעם ערד-מענטש,
שוואַרצער טייפל ?

ס'האָבן לאַנג שוין די רוימער פאַרצייכנט מאַרס :
דעם גאָט פון קריג ;
און אַליין אין אַ "מאַרס-פעלד" זיך אויסמושטירט :
צום בלוטיקן שלאַכט-הויז — דער וועלט ...

און נאָך היינט, יעדעם לאַנד, האָט איר מאַרס-פעלד,
וואו מען מושטירט זיך צום קריג —
און ס'שיינט דאָך געוויס ניט דער ערד-פּלאַנעט,
נישט קיין בלוטיקער פאַרן מאַרסעיאַנער ...

## ווענוס —

דער העלסטער שטערן ווענוס,
האָבן די גריכן פאַרגעטערט ;
אַז די רוימער האָבן פאַרצייכנט מאַרס :
פאַר זייער קריג׳ס גאָט —
האָבן די גריכן עפּעס שׂענער׳ס פון די רוימער,
דער וועלט געגעבן —
און אויסגעמאָלן ווענוס,
פאַר די געטין פון שיינקייט,
פאַר זייער ליבעס-געטין — —
האָבן די רוימער, די גריכן געוואָלט איינגעמען
און זיך אפשר געטראַכט :
אַז זייער הויפּט-גאָט יופּיטער,
זייער גאָט פון דונער און בליץ,
האָט זיך פאַרגלוסט צו ווענוסן — —
און געשיקט דעם גאָט מאַרס,
מיט די גריכן מלחמה האַלטן —
אָבער יופּיטער און מאַרס,
האָבן זיך קיינמאָל נישט צוגעהערט :
צו די רוימער — —
נאָר סיי ווי סיי האָבן די רוימער,
געפירט קריג מיט די גריכן,
צוליב זייער ערדישער "ווענוס" ...

## צעטיילט —

די וואונדער פון הימל,
האָבן ס'רוב אָפּגעפּאַטערט :
געהער צו גאָט —
און די ערד רעגירט דער טייפל —
האָבן זיי קיין צייט נישט,
די וועלט צו פאָרשן ;
טראַכטן נאָר פון קריג
און פאַרטיליגונג —
און גאָט וועט באַווייזן אַ וואונדער :
צו דעם גרעסטנס שווערד —
באַלאַנגט די ערד ...

## דער זעלבער הימל

דער זעלבער הימל
און די זעלבע שטערן,
האָבן פריער פאַר אַלע דורות :
געשיינט און געלויכטן —
איין שטערן דעם צווייטן,
וויל צו ציען, דעריאָגן ;
און איין דור פון צווייטן,
וואָס נאַרעשקייט נאָכזאָגן :
דער מיט מזל געבוירן,
האָט אַ גאָלדנעם שטערן ;
און דער אָן אַ מזל,

ווער ווייס, וואָס צו קלערן ?
צו זיין שטערן פאַרלירן,
האָט זיך ערגעץ פאַרלאָשן —
און דער גאָר אַ שלים-מזל,
וויל זיין שטערן פאַרטווישן —
און שטערן דעם האָבן,
אַן אַנונג צו וויסן :
מיט וואָס דער בר-מזל,
בייסט איין ס'געוויסן ...

## ווי יונג איז דעם מענטש'ס־געדאַנק

ווי יונג איז דעם מענטש'ס געדאַנק,
אַנטקעגן דער אייביקייט פון וועלט-אַל — —
בין איך, ווי אַ קינד,
וואָס וואָלט געפרעגט און געפרעגט — —
נאָר, ווי קינדעריש האָט ווער אויסגעטראַכט :
צוועלף שטערן — צוועלף מזלות פון יאָר —
האָבן נעמען און צו נעמען,
פון געטער און אָפּגעטער ;
פון באַשעפענישן און אומבאַשעפענישן,
פון ערדענישן און ים'ענישן —
ווען ווי קוועק-זילבער איז רירעווודיק דער הימל,
ביז אין די פאַרהוילנסטע לאַבריענטן ;
פינקלט, פינקלט מיט אַזוי פיל שטערן מיט אַמאָל —
און כ'באַוואונדער די אויסגעשטערנטע נאַכט ...

## וויפיל שטערן

וויפיל שטערן ס'האָט דער הימל,
זעט מיין אויג אַזוי פיל וואונדער ;
שטערן וואַנדערן אין רוימען,
גרופּען־ווייז, אין קרייז באַזונדער.

פינקלען שטערן פון די הויכן,
ווי אַ דימענט־נעץ אויסשטריקן ;
ציט, ווי מאַגנעט מיינע אויגן,
יעדן שטערן צו ערבליקן.

נאָר, אַ וואָלקן נעמט פאַרציען,
קומט צעשווימען און צערינען ;
און דעם סוד פון מעשה־בראשית —
קען אין כמאַרע ניט געפינען ...

## ווי פייער־פליגעלעך

ווי פייער־פליגעלעך די גרויס,
קוקן אינם אוניווערז, די שטערן אויס ;
נאָר, די גרויס פון אוניווערז,
קען נישט אויסמאָלן ס'קורצע לעבן —
דאַכט מיר, ווען כ'זאָל אַרום שוועבן,
אַן אייביקייט —
און מעסטן מיט די מאָס, פון ליכט־שטראַלן,
וועט ערגעץ אויסגיין אַ שטערן ;
וועל איך בלייבן, ווי אין אַ תהום, אין פינסטער —
און קיין ענד ניט דערגרייכן ...

## נאַכט־שימערדיקע

נאַכט-שימערדיקע מיט שטערן,
גלענצן צוויי, ווי אַ צווילינג;
און דריי, ווי אַ דריילינג
און אַ פערטלינג און פונפטלינג,
ווי איין מאַמע וואָלט זיי געבוירן —
און גאַנצע קופּקעלעך שטערן פינקלען,
ווי אַ מחנה פייער-פליגעלעך שוויבלען און שוועבן..
ס'האָט זיך היינט דער הימל אויסגעפּוצט מיט שטערן,
ווי אין אַ שמחת-תורה נאַכט;
ווי אַ גאַנצע כאַפּטע קינדערלעך,
טראָגן אויף רויטע פענדלעך,
אָנגעצונדענע ליכטעלעך,
וואָס שפּיגלען זיך אויכעט אָפּ,
ווי לויכטנדיקע שטערנדלעך.

## ווי אַלט איז די ערד

מיטן אומקרייז פון מיין וועלטעל,
כ'צייל אַ יאָר -גאַנג אַרום דער זון;
נו, צייל נאָר, ווי לאַנג קען דויערן,
אַזאַ מהלך אַ שפּאַן צו טאָן?

צייל יאָר-הונדערט, צו יאָר-טויזנט,
וואו וואָלט איך מיד זיך אָפּגעשטעלט?
וואָלט גאָר אפשר אויסגעגאַנגען,
בלאָנדזשנדיק אויף אַנאַנדער וועלט?

וואָלט ווער יאָר-צייט-ליכט אָנצינדן,
נאָר, טויטן יאָר-צייט, וואָס פאַר אַ ווערט?
און מיין וועלטעל קען ניט ציילן,
פרעג אָקאָרשט, ווי אַלט איז די ערד?

## דריי שטערנדלעך

ס'פינקלען דריי שטערנדלעך,
איינס נאָכן אַנדערן,
ווי אַ שטענגעל לענג אויס ;
שטענגעלדיק, שלענגעלדיק,
הימל-ווייט וואַנדערן,
מיט אַ שיינדל פאָראויס.

שיינען דריי שיינדעלעך,
דאַכט זיך, ווי קונדסים'לעך,
אין אַ שניי, אין אַ פראָסט ;
גליטשן זיך, יאָגן זיך,
איינער נאָכן אַנדערן,
אויף אַ שליטעל זיך לאָזט.

מאָלן זיך בילדעלעך,
דריי, ווי אַ דריילונגעל,
פון איין מאַמען געבערט ;
שענער איינס, ס'אַנדערע,
אַנדערש פון אַנדערן,
ווי דער הימל פון ד'ערד.

## ווי אויסגעפלאַסטערט

ווי אויסגעפלאַסטערט מיט שטערן,
לויכט דער הימל ;
שפרייזט דאָס אויג אין פלינקער שפּאַנונג,
איבערן מילכוועג.

כ'פֿאַררייס אַרויף דעם קאָפּ
און ס'אויסגעשטערנטקייט,
ווי אַ דימענט-נעץ אויסגעשפּרייט,
פֿאַרכאַפּט מײַן אויגן- בּליק.

שײַנט מיר, ווי אַ דימענט-דאַך, דער הימל,
איבּער דער וועלט ;
און ס'איז שוין הימל און ערד געווען,
פֿאַר די אור-אור-אַלטע דורות,
זייער ליבּעם געצעלט ...

## איך שטיי אַ בּאַוואונדערער

איך שטיי אַ בּאַוואונדערער פֿאַרן הימל,
ווען כ'זאָל אַרום שוועבּן דעם ערד-פּלאַנעט ;
העכער פֿון דער אַטמאָספֿער,
ווי וועט זיך אויסשפּרייטן דער שײַן,
פֿון אַרום און אַרום הימל ?
און אָנזעטיקן ס'אויג מיט זעאונג,
פֿון אַרום און אַרום שטערן ;
פֿון שענער אויסזען און גרעסער אָנזען,
וואָס ניט געאַנט צום מאָל —
און דער ערד-קוגל, ווי אַ שוואַרץ-רונדער פֿלעק,
וועט זיך אָפּשפּיגלן אין זון, ווי אַ צווייטע לבנה —
און איך וועל שוועבּן, שוועבּן אַרום ;
און די וואונדער דערגיין ...

# אין טרוים —

כ'שוועב, שוועב,
דאכט זיך אין טרוים:
כ'הייב זיך אויף,
ארויף, ארויף,
גראד-ליניעג;
און מיין לופט-שיפל, ווי אן עגבער,
בויערט אין דער לופט;
טיפער, טיפער,
אינם בלויען עטער,
שיטערער, שיטערער,
דורכזיכטיקער,
ווערט דער אטמאספער —
ס'נעמט שוין טונקעלן,
ס'גרויען זיך די הימלן,
אין טיפע טיפענישן;
און דער ערד-קוגעל אונטער מיר,
ווי א שווארץ-באלעמעל זעט אוים —
כ'שטעל אפ מיין לופט-שיפעל,
אין דער הויך, ווי א פלאטער-פויגעל;
און קירעווע אוים דעם קאמפאס צו דער ערד,
גאר, נישט אויפן זעלבן פלאץ,
וואו כ'האב זיך אויפגעהויבן,
האב איך זיך אראפ געלאזן,
ס'האט זיך דער ערד-קוגעל,
אוועק געדרייט אונטער מיר,
וואס העכער, העכער,
כ'האב אין די הימלן געשוועבט.

## דער אייביקער באַוועג

דער אייביקער באַוועג פון די שטערן,
און פּלאַנעטן, קאָמעטן,
ווי די זון און די ערד און לבנה,
זיך באַוועגן אין וועלט-אַל —
און אייביק דאָס דרייען, זיך דרייען,
אין צירקל, צו אין לענגליכן-קרייז ;
ווער ווייס דעם סוד פון אייביקייט, ווער ווייס ?
צו האָט ניט פריער אַ פייער-פלייצנדער שטראָם,
דעם אוניווערז איבערפולט ?
איז ניט געווען וויסט און לער —
און ניט אַ תהו-ובהו-צייט —
נאָר אַלע שטאָפן האָבן געזידט און געזאָדט ;
און געפליסט און געפלייצט
און זיך צוזאַמען געפרעסט און צעזעצט ;
און זיך צוגעצויגן און געפלאַצט —
האָבן זיך זונען אָפּ שטערן,
צעדריטלט, צעפערטלט, צעריסן,
אויף שטיקער קאָמעטן אָנגעשלאָגן, צערשליידערט —
אויף פּלאַנעטן צעפיצלט, צעבּרעקלט, צערפאַלן,
ווער ווייס די באַשאַפונג פון וועלט-אַל ?
נישטאָ אַזאַ "פאַל" אין וועלט-אַל,
ס'זאָל נישט ווער אויפהייבן,
ס'זאָל נישט ווער צו ציען ;
האַלט זיך די קראַפט אין איין דרייען —
זיכערער, זיכערער,
ווי מיט מיליאָנען יאָרן פריער געווען —
ווי איינגעפונדעוועט איז דער וועלט-אַל ...

## דאָס אונטערגיין

ס׳גייען אונטער די טעג,
נאָר די טעג ווייטאָקן נישט;
די זון באַשיינט זייער אונטערגאַנג,
ווי פאַר אַ ווייטערן לאַנד אַן אויפגאַנג;
גייט אויף און אונטער די זון,
טאָג און נאַכט פאַר דער וועלט —
נאָר, ס׳לעבן פיינלעך גייט אויס,
ס׳ווערט קירצער דער אָטעם,
און שווערער דער שפאַן,
די וועלט ווערט ענג —
און צווישן לעבן און טויט,
ווייטאָקט דאָס אונטערגיין...

## ביים זון־פאַרגאַנג

ביים רויט-בלאַסליכן זון-פאַרגאַנג,
האָט זיך מיין וועלט, ווי אַ שוואַרץ-רונדער באָל,
אין זון אָפגעשפיגלט, ביז העכער פון דער זון,
האָט דער באָל געשטייגט;
און געשוועבט און געשוואונדן,
איר אייביק באַוועג —
די ערד האָט זיך אַוועק געדרייט,
די זון איז ביים ראַנד אונטער געגאַנגען —
נאָר אין אַטמאָספער, ווי אַ פאַטאַ-מאָרגאַנאַ בילד:
האָבן אַזעלכע שוואַרץ-רונדיקע באָלן,
ווי דער ערד-פּלאַנעט זיך געזען — —
ביים בלאַס-רויטליכן זונפאַרגאַנג,
האָב איך אין זון׳ס פּנים געבליקט;
און וויפיל וואונדער באַדאַכט...

## איך ווייס —

איך ווייס — ניט פון מיין אונטערגיין,
וועט זיך אויסלעשן אַ שטערן,
צו אַ סוף פון דער וועלט וועט ווערן;
כ'וויל נאָר האָבן ס'געוויסן ריין
און צו מיין ענד בלויז איין באַגער:
די וועלט זאָל זיך שענערן,
ס'זאָל ניט ווער די וועלט פאַרמיאוסן,
ווי פאַראומווירדיקט ס'לעבן;
גייט אום דאַפאַר אַ קללה אויף דער וועלט —
נאָר, באַרואיגט כ'וויל פאַרגיין
און זאָל נאָר ניט עמיץ וואַרפן,
מיין גוף אין אַ שאול-תחתיה אַריין ...

## לויכט מיין זעאונג

אונטער דינעם אויגן-דעקל,
קוים, קוים לויכט אַ האָרעלע שיין;
דאַכט זיך זע, ווי אַן אָפּשפּיגלונג,
דורך דין-דעקעל דרינגט אַריין.

דרייט זיך רונד אַרום שוואַרץ-אַפּעל,
ווי אַ שיינדעלע זיך שפּרייט;
ווי ביי נאַכט דער גאַנג פון שטערן,
ווי מיין וועלטעלע זיך דרייט.

לויכט מיין זעאונג און פאַרטיפונג,
מאָלט אַ מענטשעלע זיך מיט;
און באַוועגט זיך מיט מיין וועלטעל,
ווי צום שיין זיך צו געשמידט ...

## אַ טאָג אָן געדאַנק

אַ טאָג אָן געדאַנק,
ווי קאָליערלאָזע-נאַכט ;
גייט דורך, ווי אָן קלאַנג,
ניט ס'מינדסטע אויף מיין דאַכט.

עס שרעקט, פון אַ וויסט,
וואָס מיר קומט אויפן זין ;
נאָר, דער אָאַזים פאַרזיסט,
ווען אַ קוואַל איך געפין.

## יעדן קומענדיקן טאָג

יעדן קומענדיקן טאָג,
איז, ווי אַ געווינס ;
נאָר, כ'צייל ניט די טעג :
אַ שפּאַן אין קורצן וועג ...

כ'מעסט אויך ניט מיין לעבענס-שפּאַן,
אַפילו כ'זאָל רייך ווערן מיט יאָרן ;
כ'וועל בלויז בלעטערן מיינע לידער-סעריען
און מיינע יוגנט-לידער אויפמישן ;
און יונג זיך נאָך האַלטן —
און מיין יוגנט איז נאָענט אַזוי צום האַרץ,
ווי די וואָרצלען פון אַ בוים,
וואָס אַ יאָר אַלץ טיפער, טיפער,
אין לעבענס-בוים געוואַקסן ...

## ס'לעבן איז נישט אויסצוזינגען

ס'לעבן איז נישט אויף איין טאָג אויסצוזינגען
און נישט אויף איין נאַכט אויסצושפּילן ;
יעדן טאָג אַנדערע אַקאָרדן קלינגען,
יעדע נאַכט וועקט אַנדערע געפילן.

נישט אויף איינמאָל ס'אויער קען פאַרנעמען,
וואָס אַ האַרץ שלאָגט, שלאָגט אַ גאַנצן לעבן ;
וויפיל וויטאָקן אין דער וועלט פאַרשעמען,
וויפיל ריסן כ'טו צוזאַמען וועבן ? ...

כ'קען מיין האַס און ליבע ניט צוזאַמען נעמען,
ס'זאָל מיין האַרץ מיט גלייך-געוויכט זיך הויבן ;
ווי אַ צוואַנג, דער וועלט קען ניט צוזאַמען קלעמען
און באַצווינגען פון אַ קלאַמער אויבן ...

ס'לעבן איז נישט אויף איין טאָג אויסצוזינגען
און נישט אויף איין נאַכט אויסצושפּילן ;
יעדער טאָג איז, ווי אַ שמידער שמידט די רינגען,
יעדע נאַכט, זיין אַרבעט טוט פאַרפולן ...

## ס'האָט מיין מיד לעבן

ס'האָט מיין מיד לעבן אויסגעשעפּט זיך היינט
און נישט אויפגעלייגט קיין שום געדאַנק;
פאַלט מיין מידער בליק צום ביכער שראַנק,
האַכט זיך לויכט מיר, יעדעס בוך און צו מיר שיינט.

נאָר ניט לייענען, אָדער שרייבן גלוסט אַצונד —
און אין מידן ביינקשאַפט, וואָס ערדעגט;
גאַר איך פריער, פריש און ניי באַוועגט,
ערשט דערקרעפטיקן זיך, וואָס אין טרוים זיך שפּינט.

ליג איך אָבער שעהן אויף פון מידקייט,
שלאָגט ווי פון אַ קוואַל מיין האַרץ אומרו —
איז די נאַכט אַ קור-אָרט פאַר מיין רו,
שעפּ איך ניי-געזונד צום טאָג פון יאָך באַפרייט ...

## עס טרעפט אַמאָל אַ טאָג

עס טרעפט אַמאָל אַ טאָג, וואָס איז עפּעס ווערט —
און ס'חלום'ען דערנאָך צום גוטן באַדייט;
נאָר, ווי לאַנג דויערט אַ טאָג, וואָס גוט'ס באַשערט,
ווען טרעפט אַ נאַכט, וואָס גוטן חלום באַשיידט?

און טרעפט אַמאָל אַ שעה, וואָס זיך פאַרגעס:
די טעג און נעכט, וואָס טראָג, ווי לאַסט אויף מיין קאַרק;
ביינקט זיך אַזוי נאָך אַ גוטן מעת-לעת,
שיינט, ווי אַ פּערל צווישן שטיינער אַ באַרג ...

## כ׳קום אָפּ מיטן וואַרטן

די טעג גייען אַוועק מיטן וואַרטן,
ווי אַ שאָטן אין ווינקל;
ווי אַ שיין אין דער טונקל
און ווי אין תּפיסה אַ פאַרשפּאַרטן.

די נעכט גייען אַוועק מיטן וואַרטן,
ווי אַ בלינדער שאַרפט ס׳אויער;
ווי אַ שלייער אין טרויער —
און אַ פּנים פון אַן אָפּגענאַרטן ...

## ווי דאָס באַשטאַנד

צעוואָרפן, ווי דאָס באַשטאַנד,
צערודערט אַזוי מיין זין;
און ניט אַן אויפגערוימטער בין,
די פען צו נעמען אין האַנט.

נאָר, בלוטיק איך מיד אין גאַנג,
ווי ווער וויל איבערגיין גיך;
און באַלד אויפרוימען ביי זיך —
און שטופּט זיך דורך אין געדראַנג.

און די באַרוהיגונג קומט!
ווי אויסגעלייטערט פון יאָך;
מיין גייסט, מיין פען קומט דערנאָך,
שטרייכט אויס, גלייכט אויס, וואָס פאַרקרומט ...

# נישטאָ דער טאָג

נישטאָ דער טאָג, זאָל מיר אָפּגליקן
און זיך אָננעמען מיט אַ כּוח;
נישטאָ דער טאָג, זאָל נישט וואָס פעלן,
עס זאָל נישט דרייען זיך דער מוח.

נישטאָ קיין האַרץ, זיך אויסצוקלאָגן,
דאָס אַלטע, אַלטע אָנגעוואוירן;
נאָר, וואָס פאַראיבל. גייט פאַראיבער,
ווען ווערט דאָס נייע שוין געבוירן?

נישטאָ ס'געמיט, זיך אויסצולאַכן,
וואָס פון אַ מענטשן קען אַליין ווערן?
אָ, וואָס פאַרדראָס, לאָזט איבער דריסיג!
כ'זאָל כאָטש דאָס האָפען נישט אָנווערן...

# נייעס —

טאָג-טעגליכע נייעס פון דער וואָכן,
דאָס אויג גייט אָן איינדרוק אַריבער;
לויפט אַלעמאָל איבער אַ פיבער,
וואָס כ'הער זיך אָן אָבער און ווידער.

דאָך וואָסער נייעס לייען איך מיר איבער?
קלאַפּט ס'האַרץ, מיט אַזוי פיל באַגערן;
ניט, וואָס אויג, איז געוואוינט שוין צו זעען
און ס'אויער געוואוינט שוין צו הערן.

נאָר, איבל-גערוך, וועט אויסברעכן,
רעזיואָלט אין דער וועלט, וועט פאַסירן;
און יום-טוב-דיקע נייעס וועט צעקלינגען —
די וועלט מוז צום גוטן דאָך פירן...

## דמיונות

מיין צערודערטער דמיון פון נעכטן,
האָט גאָר ניט געבוירן;
און היינטיקער טאָג איז פאַרלוירן,
פאַרנעפּלט — געדאַכטן ...

פאַרנעפּלט — ווי אַלץ פאַר די אויגן,
געשווימען אין גרויקייט;
געטויכט, ווי אַ טויכער אין טיפקייט,
צום אָפּגרונט געצויגן ...

און תהום׳ען-טיף — טרוימען זיך וועבן,
אַנענדליכע-האָפן;
פון דאַכטונג, טו דיכטונג באַשאַפן,
אַ שפּאָגל-ניי לעבן ...

## — שאָטנט זיך

מיין ווייס-הויטיקן פּנים,
לויכט מיט זון אין טאָג אַריין;
און דער גרויער קאָפּ זילבערט,
ווי די נאַכט אין לבנה שיין.

שפּיגלט זיך יונג און עלטער,
מיט טאָג און נאַכט אין פאַרגלייך;
און ד׳שוואַרץ אַפּעלדיקע אויגן,
לויכטן אויבעט העל און בלייך.

שאָטנט זיך, ווי טונקל-שלייער,
וואָס אַדורך צו בליקן שווער;
און ד׳האָר-פעדעמלעך זיך שטרייפן,
ווי אַן אָפּגעבליאַקעוועטע קאָליער.

## שטורם־שטימונגען

עס קלייבן זיך כמאַרעס,
דער הימל ווערט שוואַרץ ;
וואו קלויבט זיך אַזעלכעס,
ווי טריב ווערט דאָס האַרץ ?

עס טרייבן זיך ריחות,
דער שטורם קומט אָן ;
וואו טרייבט צו אַזעלכעס,
נאָר שלעכטעס צו טאָן ?

עס שלאָגט צו אַ דונער,
צערקראַכט אַזאַ וואוט ;
וואו שלאָגט זיך אַזעלכעס,
מיט אייזערנע קנוט ?

עס שניידן זיך בליצן,
דער הימל זיך שפּאַלט ;
וואו שניידט זיך אַזעלכעס,
מיט רויהע געוואַלט ?

עס ברעכן זיך וואָלקנס,
שלאַקס-רעגן פאַרפלייצט ;
וואו פלייצט זיך אַזעלכעס,
ס'גיהנום באַהייצט ?

נאָר, לייטערט זיך הימל,
דער שטורם פאַרגייט ;
וואו שיינט אויף אַזעלכעס,
צום גוטן זיך בייט ?

# לידער —

לידער בעטן זיך צו זינגען,
ווי אַליין די ווערטער קלינגען;
און די ווערטער מיטן נגון,
ווי אַ נשמה אין זיך קריגן.

קלינגען טענער ניי־געבוירן
און פון פרייד, וואָס אָנגעוואוירן;
און די אויגן פינקלען טרערן,
זאָל ניט האַרץ פאַראומערט ווערן.

טרייסטן לידער און געזאַנגען,
פון די נויטן שמידט די קלאַנגען;
זאָל דער מענטש פאַרשקלאַפט ניט ווערן,
ווי אַ דונער זאָל זיך הערן ...

הילכן לידער און זיי שאַלן,
פון געזונקענע, וואָס פאַלן;
זאָל ניט האַרץ פאַרשטיינערט ווערן —
און צום ווילדערנעס אומקערן ...

קלאָגן לידער, ווי שאַקאַלן,
אין אַ וועלט פון יאָמער־טהאָלן;
זאָל ניט גוף אויף שטיקער ווערן —
און דער גרוב וועט אומפאַרצערן ...

בעטן לידער זיך צו זינגען,
פון די קייטן וואו זיי קלינגען;
און דעם מענטש פון יאָך באַפרייען,
וועט זיין גייסט די וועלט באַנייען ...

# לידער —

לידער — כ׳וועד ניט מיד פון לייענען,
קלינגען לידער פאַר דור דורות ;
און פון בוך די בלעטער שיינען,
ווי אַ בוים מיט רייפע פירות.

שיינען בלעטער — פרוכטן-צווייגן
און ווי פערל שורות שיינען ;
און די טענער העכער שטייגן —
און איך וועד ניט מיד פון לייענען.

לייען איך לידער — בלומען-קראַנצן
און ווי פרילינגס-בלעטער גריסן ;
און דאָס גוטע צו פאַרפלאַנצן —
און דאָס שלעכטע צו פאַר׳מיאוסן.

טראָגן לידער ״קעפּ״, ווי קרוינען,
צו דריי שטערנדלעך אַ צייכן ;
קלינגען טענער פון באַלוינען,
וואָס דאָס לעבן קען דערגרייכן.

און די לידער — ווילדע-רויזן
און אַרום די דערנער שטעכן ;
און די ווילדע כוחות ברויזן —
אין אַ וועלט פון שטעכן-ברעכן ...

אָט די שורות, ווי די ראָבן,
פּיקן אין מיין הארץ אוים וואונדן ;
ווען עס שווארצער בלאט, ווער האָבן,
אין מיין בוך אַ טייל פארבונדן ?

לידער — כ׳וועל ניט מיד פון שרייבן,
מעג עס זיין אַ גאַנצן לעבן ;
און די לידער, וואָס דערהייבן —
פאַר דור דורות האָפנונג וועבן ...

## דער טרוים פון מיין יוגנט

דעם טרוים פון מיין יוגנט איך שפּין,
ווערט קיינמאָל ניט אַלט אין מיין זין ;
און אויך, ווי באַשוכט און באַקליידט,
מיין טרוים זיך באַנייט און באַנייט.

באַנייט זיך דער טרוים פון ווי לאַנג,
ווערט קיינמאָל ניט אַלט, וואָס איז באַנג ;
ווי ציטערן הער איך אין קלאַנג,
ווי וויטאָקן אין מיין געדאַנק ...

דאָך, יעטוועדנס האַרץ, וואָס איז מיד,
זאָל שטאַרקן דעם שוואַכן מיין ליד ;
— מיין ליד זיך באַנייט און באַנייט
ביז ס׳לעבן פון נויט זיך באַפרייט ...

## פאַראויס

אויף די באַנייטע שעה,
פאַראויס איך פלאַטער צו ;
אַדורך בראַנד-שוואַרצע נאַכט,
באַלד פרישער מאָרגן וואַכט.

אויף די באַנייטע שעה,
וואָס צאָרן צעגערט צו ;
איך קוק די אויגן אויס
און פלאַטער אַלץ פאָראויס.

## וואָס האָט זיך פאַרקליבן

וואָס האָט אין מיין האַרץ זיך פאַרקליבן,
וואָס ערגעץ פאַרלאָזן געבליבן ?
ציט זיך אַזאַ בייַנקשאַפט פון ווייטן
און טומאַנען נעמען זיך שפרייטן,
ווי קאַראַוואַנען זיי זיך ציען ;
אַהיים פון די מערק די פערד פליען,
אין וועג זיך געשלעפט טעג און וואָכן ;
ווי בעטלער זיי זיינען געקראָכן —
די וועלט אַ גרייז-גרויע פאַרצויגן,
דער הימל ביז ד'ערד איינגעבויגן ;
נאָר, פאַזע ערד, נעמט דער ווינט יאָגן,
ביז איבער די וואָלקנס זיך טראָגן ;
איז זיכער און גרינגער געפאָרן,
וואָס העלערער טאָג איז געוואָרן ;
דאָס נעבלקייט האָט זיך פאַרלוירן
און נייע געבירטן געבוירן —
און בייַנקשאַפטן גאָר פון באַגינען,
ערשט ליכטיקן זיך אין מיין זינען.

## גלייך אויס —

וואָס פֿאַרשרייַב און פֿאַרמעק,
גייט אַזוי אַלץ פֿאַרביי;
און פֿאַרשרייַב דאָס אויפסניי,
נאָר, וואָס קומט, גייט אַוועק.

גייט אַוועק און עס קומט
און פֿאַרמעק און פֿאַרשרייַב;
איז ווי לאַנג איך פֿאַרבלייַב,
גלייך איך אויס, וואָס פֿאַרקרומט ...

## וואָס שטרויכלונג

אָ, ווען קלאָרער בליק,
אַ גלייכן וועג זיך גייט;
און וואו אַ קרומער וועג
און שטרויכל-שטיין פֿאַרמיידט.

וואָלט שלעכטס זיך אָפּגעטאָן
און אויסגעגלייכט די וועלט;
און וואו אַ טריבעס האַרץ,
וואָלט נאָכדעם אויפגעהעלט.

וואָלט היימיש זיך דערפֿילט,
וואָס ווייט איז, אָפּגעפֿרעמדט —
וואָס בייז, דאָ טוט זיך אָפּ!
און קרום און אומפֿאַרשעמט ...

## ס׳גלאַנצט דאָס פאַלשע

ס׳גלענצט דער שקר,
ווי אַן אונטערגעשמירט גלעזל,
שפּיגלט זיך אין פרעמדן-שיין,
וואַרפט עס קאָליערן —
נאָר, אָן אַ ליכט-שטראַל פון דרויסן,
שיינט דאָס אונטער-שמירעכץ,
בלאָס אָן פאַרבן —
מעג אַפילו דאָס גלאָז זיין ראַפינירט,
שיין, געשליפן און פּאָלירט,
איז עס טויט, ווי אַלע טויטע —
שיינט דער ליגנט, ווי אַ פאַלשער דימאַנט,
טוט אַמאָל דאָס אויג אַ פאַרבלענדט ...

## ס׳שלאָגט אַן אומרו

ס׳שלאָגט אַן אומרו
איבער לייב און לעבן,
ווי אויף טייפלעשע פליגל
שוועבט אַ גרויל אויף דער וועלט —
אַנגסטיק — די ברוסט פאַלט איין,
האַסטיק — קלאַפּט ס׳האַרץ,
ווי מען באַפאַלט דיך פּלוצלינג —
און דאָס ווילדע רשעות
איבער אַלע אָפּגרונטן לויערט,
ווי ס׳שלינגט אַזאַ מאָנסטער,
אַ לעבעדיקער דיך איין .

## זעסט די וועלט

זעסט די וועלט !
דורך אַלערליי זון-גלעזער —
יעדעס פֿאָלק — יעדע ראַסע,
האָט זיך זיין קאָליער —
נאָר, מיין אייגן פּנים,
וואָסער זונען — גלעזער
וועלן זיך צופּאַסן צום אויג,
אינם אויסזען פון מיין וועלט ?
צו דען פֿאַרצייכענען :
מיין ווייס-הויטיקייט,
צום בראַנד-שוואַרץ גיהנום'דיק-לעבן ?
צו אפשר אַנדערש אויסמאָלן זיך ס'געשטאַלט ?
דאָס אָנגעהער פון מיין שטאַם — —
אָ, וועלכע שוואַרצע זון-גלעזער,
וועלן זיך צופּאַסן צו מיין וועלט ?

## איך הער אין מיטן נאַכט

איך הער דעם רעגן כליאַפּען אין מיטן נאַכט,
ווי די וועלט וואָלט געכליפּעט ;
דער ווינט טראָגט איבער ס'געקלאַג :
אַ כליפּען און כליאַפּען,
אַ כליאַפּען און כליפּען,
ס'געיאָמער פון די חורבות
איבער אַלע שטיבער —

נאַר, הואו ניט וואו, עמיץ כראַפּעט פון שלאָף,
הערט נישט ס׳געוויין פון דער וועלט —
אָבער, ווען עמעגס האַרץ פאַרגייט זיך אין זיפצן
און ווערט הינגעריסן אין געוויין ?
איך הער די שטילע טריט מיינע אין מיטן נאַכט,
וואָס קענען קיין אָרט זיך ניט געפונען.

## חלומ׳ען גוט

כ׳וויל זיך איינוויגן,
איינוויגן,
אין די מוטער - אָרעמס פון דער נאַכט,
זי האָט שוין איינגעוויגט אַ וועלט ;
נאָר די נאַכט איבער מיר,
ווי איבער אַ פיבערדיק - קינד
זי וואַכט,
כ׳זאָל אַנטשלאָפן ווערן
און חלומ׳ען גוט —

שוין שפעט, שפעט,
כ׳הער אַ קרעכץ,
אַ זיפצנדיק - געוויין,
אַ שטיק - וועלט איז קראַנק —
ליג איך אויף
און וואַך
ס׳זאָל דער ווייטאָג איבערגיין —
און חלומ׳ען גוטס.

## ס'קלויבן זיך דאגות

ס'קלויבן זיך אָן דאגות,
אָבער און איבער,
ווי כ'טראַכט איבער מיינע טעג,
ווי מיינע נעכט חלומ'ען איבער מיין לעבן:
שלעף-שטריק — לאַסטן —
הענגען נאָך צווישן,
אַרויס צו וואַרפן —
און מיינע שעהן לויפן אַוועק,
מיט מיינע אָרעמע באַדאַרפן ...

ס'קלויבן זיך אָן דאגות,
אָבער און איבער,
ווי כ'צייל איבער מיינע יאָר:
אַ געשפאַן אַ צעצויגנס,
אַן אָקם האַלט ביים פּלאַצן —
וואָס איז מיר געבליבן?
נאָך גוט — כ'טרייסל אָפּ די זאָרגן —
כ'האָב נאָך ניט אָנגעקליבן,
דאָס גוטע אויפן מאָרגן ...

# וואָלט איך חלומ׳ען

אונטער וואַרעמען צודעק מיין לייב
און דעם קאָפּ אויפן קישן פריי,
וואָלט איך חלום׳ען:
פון אַ לאַנגע ווינטער - נאַכט,
אָפּצורוען פון יאָך.

ס׳איז פול דאָס טאָגעדיקע לעבן,
מיט קלאָגעדיקע נויט —
די נאַכט באַרוהיגט,
די אויגנדעקלעך פאַרהילן דעם חלום,
פון דער טומלדיקער וועלט.

ס׳שאַרפט זיך אָבער ס׳געהער,
אונטער צוגעמאַכטע אויגן;
זיי פאַרשאָטענען בלויז דאָס בילד —
זאָל מיך כאָטש איינוויגן שטיל:
נאַכט און רו — —
אונטער וואַרעמען צודעק מיין לייב
און דעם קאָפּ אויפן קישן, פון זאָרג פריי ...

# אַ נאַכט אַ שטאָק-בלינדע

די נאַכט, אַ שטאָק-בלינדע
און קלעפּנדיקע אויגן,
דעם קאָפּ האָר צעשויבערט
מיט פאַרפּלאָנטערטע חלומות ;
אונטער יעדן באַריר פון די פינגער,
פאַלן די האָר אויס,
פאַלן אויס חלומות —

ווי אַ שלאָף-קעפּעל אונטערן קישן,
ער האַלט אונטערגעשפּאַרט
די הענט צוקאָפּנס —
פעלט דער געשמאַקער שלאָף פון אַמאָל,
פון דער יוגנט —
ווי שוין אויס — יוגנטליכע חלומות —

ווי פון אַן אָנשיקעניש,
ער בינדט דעם קאָפּ אַרום,
וואו וואָלט ער ניט, זיך לויז געריסן ?
און מיט געפלויגן,
עס פייפט אַ צוג
און די באַן גייט אָפּ,
וואו ס'שפּראָצט אויף אַ זעאונג :
איבער שטאָק-בלינדע נאַכט ...

# אין שפּעטער שעה

אין שפּעטער שעה,
ליגט די נאַכט, מיט מיר אויף,
אין מיין שלאָפלאָזיקייט —
די וועלט שלאָפט שוין לאַנג
און חלומ'ט זיך ;
מיין גייסט, ווי אַ גאָט —
שלאָפט נישט און דרימלט נישט
און וואַכט איבער מיר.

כ'האָרך — ס'טראַכטן,
ווי כ'הער דעם אָטעם,
ווי כ'פיל דעם האַרץ-קלאַפּ —
געבערט זיך וואָס,
בילדט זיך אין געשטאַלט,
פאָרמט זיך, פאָרמט זיך,
נישט צו פאַרגעסן:
חוזר איך איבער,
שטילערהייט,
כ'זאָל אין שפּעטער נאַכט,
ווער ניט איבערוועקן —
שטיל אַזוי שטיל,
מירמלען די ליפּן ;
מיד אַזוי מיד,
די אויגן פאַלן צו —
און חלום דערנאָך,
ביז דער מאָרגן קומט אָן.

# אינדערוואַרטונג

ס'וועט קומען היינט, מאָרגן
די דערוואַרטונג ;
און זיך דערגאַנצן,
צו אַל-זיניקייט,
ביז אַל-דערלייזונג.

פריער, צו שפּעטער,
וועט די אידייע צייטיק ווערן ;
און ס'ענגהערציקייט,
צו אַל-זייטיקייט
זיך פאַרצווייגן.

ס'לעכערליכע אָפּלאַכן,
וועט נאָכן קרומען שמייכל
זיך פאַרנויגן —
און אין חרטה פאַרגיין.

ווערט דער געדאַנק,
דען רייף געבוירן ?
איידער דער פּלאַן,
איז אויסגעפאָרמט ?

זאָג אַרויס דיין וואָרט,
ניט געשטאַמלט ;
זאָל זיך חקרן'ען דער בטלן
אויף אַ רמז —
און דער וואונק פון אַ זונה,
איז פאַרפירעריש.

נעכטיקע מיספאַרשטענדעניסן,
זיך פאַרהינדערן ;
און זיך ענדערן,
ווערן איינציקווייז פאַרגעסן.

פון אַלע ערגערניסע,
וועלן די פאַרלוימדונגען ;
ווי פלעקן זיך אַרויסזען,
וועלן זיך לופטערן, לופטערן,
ווי ביזן ערשטן קאָליער-צייכן —
וועט די זון די פלעקן,
אָפּבליאַקן פאַר דער וועלט ...

## וואָס איז דיר

עס זינקט מיין האַרץ אונטער דעם לאַסט
און פאַל, ווי אַ געהרג׳עטער,
די שלעיפן ציען,
ווי אָנגעבלאָזענע בלעזלעך
צום פלאַצן ;
פרעסן זיך צו, צום קילן קישן,
זיך צו באַרואיגן —
לייגט זיך שווער די נאַכט אויף מיין האַרץ,
שריי איך אויסן שלאָף מיין חלום אוים —
וועקט מען מיך איבער :
וואָס איז דיר ? וואָס איז דיר ?

אויסגעצויגענע שטריקלעך,
זיינען די נערוועןׂ מיר ;
ווי בליי ערשיטערט וואָס,
שווערט אַראָפּ ס'לעבן אונטער דעם יאָך ;
זוך איך פאַרגרינגערונג,
אין יעדן ווינטעל'ס דערפרישונג —
שפיגל איך זיך אָפּ :
אַן אויסגעמאַרטערטער,
פאַרשעלט איך מיין יאָך ;
דראָעט מען מיר נאָך
וואָס איז דיר ? וואָס איז דיר ?

איך גיי דורך אַלע שטרויכלונגן,
אַ וויטאָקדיקער,
אַ בּיינקענדיקער,
שפּאַן איך אין פאָראויס,
קלאָר זיך די פאַרלאָפענע אויגן אויס ;
און רוים אויף ס'געמיט —
פלאַטערט ס'האַרץ,
וואָס זעאונג גייט אויף !
וואָס זינען וואַכט אויף !
שפּעט מען מיר נאָך :
וואָס איז דיר ? וואָס איז דיר ?

## ווי אַ ביכער וואָרעם

ווי אַ ביכער וואָרעם,
זיך איינגעגעסן אין די ביכער;
טאָג און נאַכט,
נאָר די ביכער אויפן קאָפּ —
מאָלט זיך, מיט יעדן בילד,
קלאָרט זיך,מיט יעדן געדאַנק;
לעבט זיך נישט אַליין —
קעמפט מיט, פאַר יעדנס נויט,
לעבט מיט, מיט יעדן העלד,
אין אַ ביכער וועלט.

ווי אַ ביכער וואָרעם,
זיך איינגעגעסן,
צווישן בלעטער
און ביכער,
טאָג און נאַכט
נאָר די בלעטער אין זין —
לעבט זיך נישט אַליין,
כ'גיי אַרוים אין גאַס
און אַן אָפּשפּיגלונג געפין.

## דער קריכער

דער קריכער,
ווי אַ פּויזנדיקער וואָרעם קריכט,
צילט נישט נאָך אַ ציל,
גייט נישט נאָך אַ ליניע,

נאָר, אימעטום קריכט, קריכט, קריכט!
ביז פאַרן מינדסטן שאָטן זיך דערשרעקט —
און פויזעט צוריק אַוועק.

קריכט זיך דער קריכער,
קומערט זיך נישט סאַר אָפּקומענישן,
פאַר יעדן שאָטן אין וועג,
פאַר יעדן שטרויכל-שטיין,
פויזעט אַוועק
און פויזעט צוריק,
אַבי ס'איז דאָ דער קריכער — קריכט ער.

## דער טרעפער

אַ טרעפער,
וואָס האָט ליב געהאַט צו טרעפן:
פון אַ רעטזועל, ביז אַ שטיין אין קאָפּ,
האָט זיך געלאָזט אין גאַליאָפּ,
ווייזן די קונדסים
— ווער בעסער לויפן קען
אַזש ביז ר'האָט זיך אויסגעגליטשט
און באַכץ אויף דער ערד אַ פאַל געטאָן;
נאָר פלינק האָט דער טרעפער,
אַ שטיין פון דער ערד געכאַפּט
און געשיבט אַהין צו טרעפן:
וואו פריער פאַר זיי, ר'האָט געוואָלט זיין פריער —
וואָס אין זין געהאַט האָט דער טרעפער:
זאָל דער שטיין כאָטש זיין, דער ערשטער פאַר מיר ...

## שבּת׳דיק — וואָכעדיק

נאָך אַ שעה — שבּת רו,
גרויס די וואָך פונם יאָך;
טיף מיך גרוילט, וואָס זיך מאָלט:
שמאָל און לאַנג קריכט אַ שלאַנג,
אויפן וועג אין געיעג;
גיפט צערטראָגט! אוי, וואָס נאָגט?
אַלץ פאַרשלינגט, אַלץ פאַרקלינגט —
וואָכעדיק! וואָכעדיק!

אָך, ווי בּאַנג — ד׳וואָך איז לאַנג —
מיאוס ווערט, וואָס בּאַשווערט,
אין אַ קנעכט, זיך פאַרשוועכט —
וואָך פאַרשווינד מיר, געשווינד!
שיין איך ניי, אָטעם פריי;
רואיק, זאַכט אַפילו טראַכט,
טרעט דער טריט אָפּ ס׳געמיט —
שבּת׳דיק! שבּת׳דיק!

נאָר, ניט גרויס — שבּת בּלויז,
שרומפּט מיר איין בּלאָס אין שיין;
פעלט מיין וועלט — נשמה פעלט,
גוף נאָר בּלייבּט, אַלץ צעררייבּט;
בּלעטער-ווייז אַלץ צעררייס,
איינס פאַרמעקט, איינס פאַרקלעקט;
טאָוול בּרענט אין די הענט —
נשמה-לאָז! נשמה-לאָז!

# לידער פון דזשאַנגל
# און אַנדערע לידער

* *
*

פאַלט מיין בליק אויף אומווירדיקס,
מייד איך אוים דעם פּלאַץ, פאַרמייד ;
און ווי ווייט דאָס אָרט זיך שפּרייט,
איבּלט ס׳האַרץ, פון אומווירדיקס.

מייד דאָס אויג אוים מיאוסע,
ווי ווייט ס׳אויער הערט אַ קלאַנג ;
גרוילט דאָס זשיפּען פון אַ שלאַנג,
שרעקט ווי ווייט דאָס מיאוסע ...

## ניט פאַרשריבּן

איך האָבּ שוין לאַנג קיין ליד געשריבּן —
בּלויז אָנגעצייכנט עס אין האַרץ ;
האָט עס צעצונדן בּראַנדיק־שוואַרץ,
אַזוי איז מיר אַ פּיין געבּליבּן.

ס׳האָט אַן אומרו מיך אומגעטריבּן —
און ווערטער, פון פאַרצייכנטן־ליד
האָבּן זיך אַרויסגעזונגן פון געמיט —
נאָר ערטערווייז פאַרשטיקט געבּליבּן.

האָט ווייי געטאָן, וואָס ניט פאַרשריבּן,
געוואָלט אַ וועלט אין פרייד דערזען ;
נאָר וואָסער בּייז עס איז געשען —
ס׳האָבּן די ווערטער זיך ניט געקליבּן.

## איך הער אַ בּרום

כ׳הער אַ בּרום —
און ס׳בּרומט נאָך דער דזשאָנגעל;
אין יעדן דונער-שלאַג, וואָס לאָזט אוים,
בּרומען נאָך די חיות פון וואַלד:
די הונען — אונדזער שטאַם,
זייער שטים איז אונדז אייגן,
בּרום, בּרום, בּרום!
די וועלט איז אונדזער טייגע...

ס׳הילכט אָפּ ס׳געוואַלד! ס׳געוואַלד!
כאַפּט זיך אויף דער דזשאָנגל,
יאָגט זיך אין דער טייגע,
ס׳געוואַלד זידט אין אונדזער בּלוט!
ס׳טירעשסטע לעבּט אין אונדזער שטאַנד!
ס׳רעווען די חיות:
בּרום, בּרום, בּרום!
שפּרייט זיך אַ פינסטערער קאָשמאַר איפן געדאַנק:
דער מענטש זאָל נאָר ניט פון זינען אַראָפּ...

## כ׳האָבּ היינט די נייעס געלייענט

כ׳האָבּ היינט — די נייעס געלייענט,
איז אַ שוידער אַדורך מיין לייבּ;
די ליפּן האָבּן זיך אויסגעקרומט
און ס׳האַרץ האָט געצוקט און געצוקט,
ווי אַ בּראַנד זיך אָנגעכאַפּט,
אין אַ שלוכצנדיק-געוויין.

כ'הער אַ וועלט-פּראָטעסט שרייט:
אוממענטש! אוממווירדיקער!
ווי ר'וואָלט ערשט פון חיה'שע-ברוסט-געזויגן
און שפּייזט דאַמיט זיין יורש —
צעקאָכט זיך ס'טהיערשע-האַרץ:
ניט ס'חיה'שע-בלוט פאַרמישן ...

עס שטייגט אַ וועלט-פּראָטעסט!
פאַר מיין פאָלקס-צער —
ווערט מיר גרינגער מיין פּיין,
ס'לייטערט זיך ס'געוויסן פון מענטש,
שרייט אויס — די שאַנד פון אוממענטש!
וואָס מאַכט מיאוס די וועלט ...

## ס'שרעקט מיך ניט

ס'שרעקט מיך ניט ס'געשפּענסט פון טויט,
כ'וויים זיין פאַרב, כ'דערקען זיין הויט;
און דער טויט איז ניט אומשטאַנד,
שיטן אין די אויגן זאַמד —
נאָר, ווען'ס שטרויכלונג מאַכט דיך בלינד?
ווי עס קערט אַ בייזער ווינט ...

ס'שרעקט מיך ניט קיין ווילדער וואַלד,
ווי מיך שרעקט אַנאַנדער געשטאַלט:
אָנגעטאָן אַ חיה-פעל,
אויסגעטאָן פון זיך די זעל;
און אַ פּנים פאַר דער וועלט,
ווי אַ מאָנסטער זיך פאַרשטעלט ...

# ס'גרייט זיך, גרייט זיך

ס'גרייט זיך, גרייט זיך אַ וועלט צום קריג,
מען שמידט ס'געווער, מען שמידט ס'געווער ;
דער פיינט, ער הוליעט ווילד פון זיג —
און שפּרייט זיין לאַפּע אויס, וואָס מער ...
איך הער שוין רוישן טאָג און נאַכט,
געווער-פאַבריקן פאַר אַ שלאַכט ...

ס'קריגט זיך, קריגט זיך אַ וועלט מיט פיינט,
עס פירט צום שלאַכט אַ שוואַרצער צוג ;
גרייט זיך, גרייט זיך ניט אַלץ פאַר היינט,
נאָך פאַרן מאָרגן ניט גענוג ...
און יעדער וויל אַ זיגער זיין
און זיך באַוואָפנט ביז די ציין ...

נו, שמידט ס'געווער אַזוי, אַזוי,
אַ קאַטאַסטראָפע מיט אַמאָל ;
ווי ס'פאַלט פון הימל אַזאַ טוי,
ווערט חרוב אַלץ אַ יאָמערטאָל ...
און קוימענס רויכערן פעכיק-שוואַרץ,
אַ שוואַרצער קאָשמאַר אויפן האַרץ ...

ס'צינדט זיך, צינד זיך אַ וועלט מיט האַס,
לויפט איבער אַלץ צו מאָרד געווער ;
די קנויט כאַפּט אָן אַ פּילווער-פאַס
און צו פאַרלעשן, איז ווי שווער ...
נאָר, אָן מאַכט-האָבער'ס ווילדע האַנט,
וואָלט גאָר ניט ווּיסט געווען קיין לאַנד ...

# כ׳בין ווייט פון יענע ערטער

כ׳בין ווייט, בין ווייט פון יענע ערטער,
וואו ס׳גייט אַ שווידער אויף און בראַנד;
עס ברענען שטעט און דערפער פלאַמען
און חרוב ליגן אַלע גערטנער,
מיט בליי פאַרזייעט איז דאָס לאַנד,
צינדט ,צינדט דער טייפל אַלץ צוזאַמען.

עס וואָיען הינט מיט טויזנט גרוילן —
און חורבות וואַקסן איבער נאַכט;
ווי מיט אַ לייכנטוך נעמט פאַרהילן,
דער טשאַד פון רויך, וואָס טוט זיך קנוילן:
אויף קופּעס טויטע נאָך דער שלאַכט —
פּעלט בלויז דעם טויטן-מאַרש אָפּצושפּילן ...

עס כראָפּעט אפשר דער וועלט׳ס געוויסן?
אָטאָ באַפאַלט אַ גזלן ס׳לאַנד;
און ווי דער טויטן-טאַנץ אין פלאַמען,
די ווילדע פלוסן זיך צעפליסן —
און ס׳טראָגט זיך איבער וועלט דער בראַנד,
מכל כלי-זין און גאַזיקע סאַמען ...

איז שלאָף אַוודאי דער וועלט׳ס געוויסן,
ווי ווייט זיך שפּרייט דעם מאָנסטער׳ס האַנט;
שניידט דורך דער לופט אין פינסטערע שעהן,
ווי קריעה איבער דער וועלט געריסן —
און איוב׳ס קלאָג פאַרטויזנטפאַך אין שאַנד,
קלאָגט אָן ס׳געוויסן פון דער וועלט, קלאָגט אָן ...

## כ׳פאַרשפּיל זיך

כ׳פאַרשפּיל זיך, כ׳פאַרשפּיל זיך,
ווי אַ קינד אין מיין נויט —
די וועלט שפּילט זיך מיט פלאַמפּייער,
רייסט אויף קברים —
און ס׳יאָמערט דער טויט ...

ווי קופּעס חורבות,
ליגן אָנגעהאָרבט אויף מיין קאַרק,
ס׳לעבּן קרעכצט אונטער שווער ;
קופּעס, קופּעס ברוכאייזן,
ווערט אויסגעגאָסן געווער,
ווי ערד-אַרץ אַ באַרג ...

כ׳פאַרשפּיל זיך, כ׳פאַרשפּיל זיך,
דער מענטש איז פאַרטאָן מיט כלי-זין,
אַ שפּיל-צייג פאַרן טויט —
און בערך מיט הרוגים,
ווי אויף אַ מיסט-וואָגן מען פירט,
ווי אַ געהאָנגענעם
צום פלויט ...

## דאָס בייזע וואָרט

כ'וויל דאָס בייזע וואָרט, נישט איבערן מויל ברייננגן,
זאָלן בייזע צינגער, דאָס נישט איבער ריידן ;
וועמען וויל דער טייפל מיטן ווינט אויפהענגן ?
און צערטראָגן דאָס אָנשיקעניס פון ביידן ...

נאַר, די גאַנצע וועלט, איז דאָך ניט קיין תפיסה,
וויפיל, וויפיל, וויפיל אומשולדיקע ליידן ?
זאָל דער טייפל זיך אַליין אָנטאָן אַ מיתה !
ס'וועט ניט זיין פאַרלוימדונג, דאָס ערגסטע באַריידן ...

## די וועלט מאַכט פאַרשריט

דער מענטש מאַכט פאַרשריט, דאָס כלי-זין שמידט :
דאָס אַקער-אייזן אויף אַ שווערד ;
און דאַרפט ניט באַנעווען די ערד,
קיין סערפּ און קאָסע פאַר זיין שניט ...

עס גראָבן רידלן, מען לעכערט ד'ערד,
אַ, שניטס-צייט — אַ גערעטענעש זיך שפּרייט ;
עס וואַקסן קברים אומפאַרזייעט —
און ס'פליט אין גאַליאָפּ אַריין אַ פערד ...

אַ, ס'איז קריג-צייט, די וועלט מאַכט פאַרשריט,
ס'האָט נאָך דער הימל נישט אַזוי געהאָגלט ;
און אונטער בליי און קוילן דער מענטש וואָגלט —
און זוכט זיך שוץ, אַזש צום דזשאָנגל ציט ...

## דער קריגס גאָט

הײַנט איז אַ קריגס-צײַט,
שפּרייט זיך גרויל און נויט;
שפּרייזט פאָראויס דער טויט,
דער קריגס-גאָט באַגלייט.

דער קריגס-גאָט באַפעלט,
ס'חילות פאַרוויסט;
ווערט אַ באַרג מיט מיסט,
ביז שפּיץ-טורם דער וועלט.

דער קריגס-גאָט מושטירט
און די פערד ער יאָגט;
ביז אַ מגפה פלאָגט,
וואָס אַ קריג פאַרפירט.

דער קריגס-גאָט בלייבט שטיין,
ביי אַ וויסטן פלויט;
שוין אַלץ אויסגעראָט —
גראָבט זיין גרוב אַליין ...

# דער ווילדער מאַן

האָט די וועלט אַ ווילדן וואַלד,
הערט די וועלט אַ ווילד-געוואַלט ;

אַ געבריל און אַ געברום,
אַ געוואַיע פאַר אומקום ;

ס'איז פאַראַן אַ ווילדער מאַן,
איז קיין ווילדערער פאַראַן ;

אָנגעגורט זיך רוק און לענד,
מיט כלי-זין אין די הענט ;

שטאַרקסטע חיה ער פאַרציקט,
ס'איז דער ווילדער מענטש פאַררוקט —

לויפט אַרום דער ווילדער מאַן,
צו ס'איז שטאַרקער ווער פאַראַן ?

הערט ער אין דער וועלט אַ לאַנד,
האָט אַרום אַן אייזערנע וואַנט ;

טראַכט ער פונם ווילדן-וואַלד,
קאָכט רציחה אין אים באַלד ;

ברײנגט אַ "טענק" און אַ קאַנאָן,
און אַ פאַנצער טוט זיך אָן

נעמט ער קוילן, גרויס אַ פוד
און מיט פילוווער, דינאַמיט ;

ס'פייער פון גיהנום צינדט,
רייסט ער אויף אַ שטורם ווינט ;

קראַכט און דונערט אוראַגאַן:
ווער איז שטאַרקער נאָך פאַראַן?

קראַכט און בּרעכט אין בּלוט און בּראַנד,
בּיז לאָזט אָפּ זיין ווילדע האַנט;

לעקן קראָען אָפּ דאָס רויט,
פּיקן קראָען אויף דעם טויט;

טאַנצט פון זיג דער ווילדער מאַן,
ווער איז שטאַרקער נאָך פאַראַן?

הערט ער פון אַ בּאַרגיק-לאַנד
הייזער, טורעמ'ס — העכסטן שטאַנד;

און די מענטשן מיט זייער גרויס,
קעניקן לאַנד איין, לאַנד אויס —

בּיינקט ער נאָכן ווילדן-וואַלד,
צינד זיך בּלוטיק זיין געשטאַלט;

בּריינגט געווער, וואו נאָר פאַראַן,
לאָזט זיך אויף אַן עראָפּלאַן;

יאָגט ער אַזש אַן אָדלער נאָך,
בּיז רייסט אויף אַ וואָלקן-בּראָך;

רעגנט, רעגנט בּליי און שרויט,
שלאָגט אַ האָגל בּליי און טויט;

בּיז לאָזט אָפּ זיין ווילדע האַנט,
ליגט שוין וויסט דאָס בּאַרגיק-לאַנד —

שפּרינגט פאַר פרייד דער ווילדער מאַן,
ווער איז שטאַרקער נאָך פאַראַן?

הערט ער פון אַ טאָליק-לאַנד,
מיט אַ וואַלד, רום-רונדער-ראַנד ;

און די מענטשן מיט זייער נויט,
קיין שום קעניג ניט געטרויט —

מאָלט דער ווילדער מענטש זיך באַלד,
ווי מען קאָסעט אויס אַ וואַלד.

יעדער בוים פאַר זיך אַליין,
יעדער בוים פאַר זיך בלייבט שטיין ;

וועט די אַרבעט טאָן זיך גרינג,
וועט קיין פיפעץ טאָן אַ צונג —

לויפט דער ווילדער מאַן אין טאָל,
זעט ער טויזנט מיט אַמאָל ;

אויסגעמאַרעטע פון נויט,
שרעקן זיך נישט פאַר דעם טויט —

טוט ער דאָרט אַ שפּאַר זיך אָן,
פאַלט אַ הייזל, ווי אַ שפּאָן ;

שרייט ווער — ס'הייזל האָסט צעשטערט —
ציט דער ווילדער מאַן זיין שווערד —

נאָר, ווער שרעקט זיך אינם טאָל ?
טויזנט קומען מיט אַמאָל —

שטרעקט דער ווילדער מאַן זיין שפּיז —
ברויזט דער גאַנצער טאָל, וואו ר'איז :

ס'איז דאָ, דאָ אַ ווילדער מאַן !
איז קיין ווילדערער פאַראַן —

און פון נידעריגסטן געצעלט,
קינד און קייט עס ווערט אַ העלד;

ביז צעבראָכן ליגט זיין שווערד,
וואַלגערט זיך זיין שפּיז אויף דער ערד —

און דער ווילדער מענטש פאַלט טויט,
באַזיגט האָט אים, דער מאַן פון נויט ...

## די קנוט

אין דעם לאַנד פון דער קנוט,
די שווערד און ביקס באַפעלט;
נאָר, די טיר צו דער פריי —
איז אַלעמאָל פאַרשטעלט.

דינט דאָס פאָלק צו דער קנוט,
ווען'ס נויטן אונטערדריקט;
נאָר, זיין שטים פאַר דער וועלט —
ווערט אַלעמאָל דערשטיקט.

קרעכצט דאָס פאָלק פון דער קנוט,
ווי זאָל ניט זיין געפלעכט;
נאָר, דער גייסט צו דער פריי —
שפּאַנט איבער פינסטערע נעכט ...

## דער דיקטאַטאָר

עס ליגט דער באַפעל אין די הענט פון דיקטאַטאָר,
ווי אַ שווערד אין דער שייד;
די שאַרף גיט אַ בליאַסק, ווי מלאך-המות ס'אויג
און דער דיקטאַטאָר שניידט.

ווי ווילד-גראָז דעם גייסט, פאַרכאַמט דאָס געוויסן,
ווי מיט גיפט ווערט מען שפּייזט;
און בחדרי-חדרים באַהאַלט דעם פאַרברעכן —
וואו אַליין זיך ניט ווייזט ...

נאָר, מאָרד-קנעכט, אַרום זיך גערינגעלט מיט מאָרד-קנעכט,
ווי אַ שאָטן ביים טריט;
און חשד און בילבולים — צערטרעט ווי אַ וואָרעם —
און פאַר יעדן זיך היט ...

נאָר, פאַר דער וועלט'ס אויגן, רייט אויפן טרומף-וואָגן,
ציט די לייץ אַזוי שטייף;
און פאַר דער וועלט'ס אויערן קנאַלט, ווי אַ דונער,
מיט זיין ביקס צו דער שלייף ...

## דייטשלאַנד פון היטלער

דייטשלאַנד, פון היטלער, הענקערשע האַנט !
פאַרפויק פאַרצימבל ד'אויערן פון לאַנד ;
צערטרעט, צערטראַמפּעל, צעיושעטע-מאַכט,
מיט היטלער באַנדעס ביי טאָג און ביי נאַכט.

דייטשלאַנד פון היטלער, נאַצישע-קנוט !
טרעטסט מיטן לאַפּע, טראַטעוועט ברוט ;
ביז טראַמפּעלסט צו דעם לעצטן דוך,
שפּייט דיר, דער שוים פון מויל, דיין פלוך.

פאַרפלעקט דיך בלוט, דיין נאַצי-גייץ,
אויף ברוינע העמדלעך האַקנקרייץ ;
און אויף פאַראויס סוואַסטיקאַ-פאָן
טוט מאָרד און רויב אַ חוליע טאָן.

נאָר, שאַ און שטיל באַגראָב, באַהאַלט,
וואָס הינטער קערקער'ס גרוילט געוואַלט ;
וואַרפסט טויטן אונטער, הינטער פלויט —
פאַרשרייב אַ זעלבסט-מאָרד — פון געבאָט ...

נו, טרינקט, פאַר היטלער'ס "הונען-שטאַם"
און ברענען ביכער אויפן פלאַם ;
טאָ, שלינגט דאָס פייער "נאַצי-שאַרקס",
פון היינע, בערנע, לאַסאַל און מאַרקס ...

פֿאַרכלינעט זיך דאָס נאַציטהום,
אין ווילדער אָרגיע טאַנצט אַרום:
דעם האַקנקרייץ פֿאַרשטעקט אין לאַץ —
און אויסגעבּרענט אויף אידיש האַרץ.

נו, חוליעט הונען — ווילדע מאַכט,
נאַר, ניט דאָס דייטשלאַנד, וואָס ערוואַכט;
קויל-שוואַרצע בּלעטער, קערן אָפּ,
די נאַצים מיטן קאָפּ אַראָפּ.

בּרענט האַקנקרייצלער, טשאַדעט, בּרענט,
אין אייגענעם טשאַד, איר ווערט פֿאַרלענדט;
טאָ, שאַרט די וואונדן פונם בּראַנד,
אויף שייטער-הויפֿן, בּרענט אייער שאַנד ...

## דער טייפל

יעבּוועדן געטויטן מענטשן,
איטלעכעם חרב'ע-געצעלט;
טוט אַ האַנט פֿון טייפל בּענטשן,
זוער עס ראָטעט אזים אַ וועלט ...

זוייעט טויטקייט אין רואינען,
הענגט דאָס לעבּן אויף אַ סלופּ;
שלאָגט אַ ווילדקייט בּיז וואַנזינען,
הייבּט דער טייפל אויף זיין קאָפּ ...

אויף די חורבות פון די וועלטן,
זיצט דער טייפל אויפן טראָן;
און דער מענטש, וואָס טוט פֿאַרשעלטן,
צינדט ער אין גיהנם אָן ...

# דאָס געווייסן מאָנט

דעם הענקער'ס שוועל ניט איבערטרעט,
ס'העלפט פאַרן הענקער קיין געבעט ;
און שטאַרקסט די האַנט, וואָס איז באַפלעקט,
דאָס בלוט, וואָס וואַשט אָפּ, אייביק שרעקט ...

דען וואַשן אָפּ דעם הענקער'ס זינד,
זיך שפּרייט, ווי פייער אויפן ווינט ;
און יעדער הענקער און טיראַן,
מיט בלוט ער צייכנט אָן זיין פּלאַן ...

און וואַשן ריין דעם הענקער'ס האַנט,
איז ווי דערהייבן זיך צו שאַנד —
און אייביק דאָס געוויסן מאָנט,
דער סוף פון אַ טיראַן איז נאָענט ...

# ווען ?

ווען וועט דער וועלט'ס געוויסן,
געבן אַ געשריי :
מערדער שטיי !
הענקער לאָז אָפּ דיין האַק !
דיין פאַרבלוטיקטע האַנט !
און ווי פון אַ שטורם,
וועט אויפציטערן ס'האַרץ,

פון יעדן שאַנד-טאַט אין דער וועלט,
הינטער יעדע מאַסקע פאַרשטעלט — —
און פון דונערדיקן אויסגעשריי :
מערדער שטיי !
דיין הענקער פנים מען דערקענט !
וועלן אָפּהענטיק ווערן,
זיינע פאַרבלוטיקטע הענט ...

## זינג מיר ניט

זינג מיר ניט, פון מיין געמיט,
די וועלט איז פול מיט וויי און ווינד ;
בין איך מיד, פאַרשטום מיין ליד,
פון זיך איצט זינגען, איז אַ זינד.

טויג דען, אָפּגעזונדערט זיין,
ס'זאָל דיר גאָר ניט אָנגיין די וועלט ?
און אָפּשוינען זיך אַליין —
מיט וואָס קען זיין, דאָס האַרץ באַזעלט ?

ס'פיבערט דאָך, אָף וויסטן בראַנד,
די וועלט אין אַ גיהנום-גלות ;
שמאַך און שאַנד, שטרעקט רויבער-האַנט !
און שאַלטעט, וואַלטעט מיטן קנוט ...

## גרויל —

גרויל, שוידער אויף די וועלט !
ווי דו שוידערסט אויף מיין האַרץ !
טרייסל אויף די נערוועז,
ווי אַ בינטעל-האָלץ צעפלאַקער,
וואָס קנאַקט מיט פייער צונגן,
אונטערן רויך שוואַרץ.

גרויל, שנייד דורך, ווי אַ בליץ,
ווי אַ שוועבעלע גיב אַ צונד ;
וואָסער מערדער-האַנט,
מיט מיטלאַלטער-שאַנד,
האָט ס'האַרץ פאַרבלוטיקט ;
און טראַמפּעלט אויפן וואונד ...

גרויל, לאָז אָפּלויפן ס'בלוט,
ווי די זון גייט אונטער רויט ;
וואָס שאַנד שוידערט אויף !
דאָס בלוט ריזלט אויף,
וואָס אַכזריות נאָך באַפעלט —
ס'שרעקט ס'געוויסן פון דער וועלט ...

# צאָרן צינד אָן

האַס, רייכזיכטיק, זאָל זידן דאָס בלוט !
צאָרן צינד אָן, זאָל גליען דער גלוט !
צאָרן צינדט, צאָרן ברענט,
ביז ס׳געדעכטענים פאַרלענט ;
שווער אַיז נאָר דער איבער-ברוך,
גרינג עס פלאַקערט שוין דערנאָך.

צינד זיך צאָרן, דעם שונא פאַרשעלט !
שונא׳ס אויגן פאַרמיאוס׳ן די וועלט !
שונא׳ס האַרץ, איז אַ פוקס,
גוטע רייד און אַ ביקס ;
און זיין האַנטשו איידל פאַסט,
ווי זיין שווערד אין שייד געפאַסט.

צינד זיך צאָרן, דעם שונא פאַרפלוך !
שונא׳ס ניוכן, שמעקט בלוטיק-גערוך !
הערט די וועלט אַ געוואַלד,
איז די וועלט, ווי אַ וואַלד ;
שרעקט דער מאָנסטער, זיך פאַרשטעלט,
וויל פאַרווילדעווען די וועלט.

פלאַקער צאָרן, אויף לעבן און טויט !
שונא, שונא פאַרבלוטיקט די נויט !
און דער פלאַם ציקט און צוקט,
הינטער-גרונט זיך פאַררוקט ;
אָט דער שונא, ביי דער שוועל —
נאָר, נישט זיכער, איז זיין פעל ...

## ביים אָפּגרונט

בּיים ראַנד פון אַן אָפּגרונט,
בלאָנדזשעט אום מיין בליק ;
ווי אַ היימלאָזער-הונט,
פאַרן היצעל׳ס שטריק.

און אין געפּאַר און נויט,
בלוטיקט אויפן וועג ;
ווי שיף, וואָס שווימט צום טויט,
זעט פאַר זיך קיין ברעג.

אַ הילפס-געשריי זיך טראָגט,
אויסגעמישט מיט שאַנד ;
פון לאַנד, צו לאַנד געיאָגט,
שטרעקט ווער אוים אַ האַנט ?

און אין געראנגעל ס׳האַרץ,
צאַפּעלט זיך אין תהום ;
וואָס לויערט אַזוי שוואַרץ ?
קוים אַ שיין, זעסט קוים ...

## פיל שפּיציקער קלויסטער

פיל שפּיציקער קלויסטער,
וואָס צלמים ענטהאַלט ;
האַלב-וועלט קניעט אַנידער,
פאַר צלם געשטאַלט.

גאָט'ס קעניגרייך פאַלשע,
מיט ערדישן טראָן ;
און אָפּגאָט און צלם,
זיי שפּאַרן זיך אָן.

שפּאַרט איינס זיך אינאַנדערן,
פון הימל און ערד ;
טייוואָלים און געטער,
מאַכט-האָבער און שווערד.

דריי-איניקייט לעבן !
דער צלם און קרוין ;
אָף יענער וועלט פאַרשפּרעכן :
דעם אָרעמאַנס לוין.

נאָר, וואָס קען געברויכן,
אַ טויטער אין גרוב ?
און די וועלט נישט האָבן,
קיין היים און קיין האָב.

פיל שפּיציקער קלויסטער,
מיט צלמים געשטאַלט;
ווער האָט פאַרע קעניג
און צלם געזאַלבט?

וואו ס׳שפּאַרט אָן דער צלם,
וואָס איז ניט פאַרווערט?
וואו ס׳שפּאַרט אָן דער קעניג,
וואָס איז ניט באַשווערט?

וואו קלינגט ניט דער קלויסטער,
דער גלאָק צום דינסט רופט?
און קניען און קנעכטן,
פאַר שויפעט און שופט.

וואו פעלט דען אַ שויפעט,
אָף יעדן געבאָט?
און פעלט דען אַ טייפל,
אָף יעדן אָפגאָט?

דער קרוין און דער צלם,
די וועלט — פאַר זייער דינסט
און וויפיל אָפּגעטער?
נאָך שרעקן אומזינסט ...

## שטייט אַ קלויסטער

שטייט אַ קלויסטער בײַם ראָג גאַס,
גלאַנצט ער מיט זײַן געצן-גײַץ ;
טראָגט אויף זיך אַ צלם-קאָפּ,
מיט אַ פײַערדיקן קרײַץ.

קלינגט ער חגאָ — מיטן וואָך,
דראָעט עפּעס בייז, מיר דאַכט ;
צינדט אַ רויטן צלם אָן,
אין אַ פּראָסטן אויף דער נאַכט.

נאָר, דער קלויסטער בלײַבט שטיין פּוסט,
קיינער זעט זיך ניט אַרויס ;
קלינגט דער קלויסטער-גלאָק, קלינגט אָפּ —
און דער צלם לעשט זיך אויס.

## אין אַ קלויסטער סקול

אָרעמע קינדערלעך קאַטױלישע,
ס'פירן זיי נאָענטס אין קלויסטער אַרײַן ;
זאָגן זיי נאָך מיט פאַרשמאַכנדע ליפּעלעך :
ס'געבעט פון דזשיזוס און מאַריע —
ציען זיי שווער די אָטעמלעך,
וואָס די נאָענטס לערנען זיי :
ס'פאַרגעטערונג דעם פויפּסט אין וואַטיקאַן,
דערגרייכט זיי ס'הייליקייט — —

און די פרומע נאָנעס,
ביזן טריט שוואַרץ-געקליידעטע ;
נעמען צענויף אין זייערע שוואַרצע שאַרצן,
די פּענעס פון די אָרעמע :
פאַר אַ נר-תמיד,
ס'זאָל לייכטן פאַר יוחנן-המטביל —
און פאַר זייערט וועגן — —

ס'שרעקן די נאָנעס מיט זייער קליידונג,
לאַנג און ברייט שוואַרץ-קרעפּנדיק ;
ווי זיי וואָלטן וועלן די קינדערשע נשמה'לעך,
אין זייערע שוואַרצע מאַנטלען איינהילן —
און דער מאַרש פון קלויסטער-סקול אַהיים
און פון היים אין קלויסטער-סקול,
פירט דאָס פאַראַדעשקייט,
פון ערשטער ריי,ביז לעצטער ריי,
ס'באַגלייט פון די נאָנעס, די קינדער —
שפּרייטן זיי אויס, ווי אַ שאָטן איבערן וועג ;
און פאַרטונקעלן דעם גייסט,
פאַר אַ פרייע דערציאונג דעם קינד — —
אין אַ קלויסטער סקול ...

# תפילות

I

תפילות, שטיקלעך תפילות,
שפּילט דער אָרגעל
פאַר רייכע דאַמען און הערן,
מיט צילינדער-הוטס;
רעספּעקטעבלע נאָכזאָגערס:
נאָכן בעל-תפלה —
מישט זיך אוים ס'נאָכגעבעט,
פון די איבער זאָגערס —
שטייען זייערע אָטאָמאָבילן גרייט,
זיך דורך צו פאָרן,
צום גוטן אַפּעטיט;
און ווידער שטיקלעך תפילות,
שפּירן זיך פון מאָגן אַרוים,
אַזש, ביז — בית-הכסא
שוין די זינד פאַרגעבן —
אַהינטערן טעמפּעל ...

II

תפילות, שטיקער תפילות,
תפילות פון הייליקע, פרומע,
רירן זיך פון אָרט נישט אַוועק,
פאַסטן גאַנצן יום כפור;
ביסקל נאָך נעילה —
שלעפּן זיך אַהיים,
טריבע געמיטהער
אוןליידיגע מאָגנס

האָבן אויסגעבעטן,
ביז די מאָגנס זיך אָנפולן ;
פאַרגעבן — פאַרנעמען —
ווייטער צו זינדיקן,
נאָכן יום-כפור ...

## הייב זיך אויף

הייב זיך אויף און בעט העכער,
כביכול זיצט הויך,
נישט צו דערגרייכן —
אונטן,
ביז די טיפסטע אָפּגרונטן ;
זיפצט די וועלט,
נישט צו דערהערן —
אויבן,
ביזן אַבער-גלויבן,
שרייט די וועלט :
טויב צו ווערן —
אונטן און אויבן
פאַרגייט דער קרעכץ אין שטיל,
פאַרשטומט ס׳געבעט אינם רויש —
הימל און ערד !
כביכול זיצט הויך,
נישט צו דערגרייכן.

# ווער פון וועמען שטאַמט

גאָט און אָפּגאָט — מענטש און אוממענטש —
ווער פון וועמען שטאַמט ?
קען געמאָלט זיין אָן אָפּשטאַמונג,
איז געווען אַ וועלט ?

צו דען גאָט, פאַר אַלעם אָנהייב,
פון אור-אור-באַשאַף ?
צו פון הינטער אָפּגאָט׳ס שאָטן,
פאַנגט אָן זיין אָפּשטאַם ?

האָט דען פריער ניט דער אור-מענטש,
אויסגעטראַכט זיין געץ ?
וועלכן שטאַם האָט גאָט געפאָרעמט,
וואָס זעט אויס, ווי גאָט ?

ווינציק ״שטאַמען״ דען, פון אור-מענטש,
זיך צענויף געמישט ?
און געמישט זיך און געלייטערט :
גאָט פון געצנדינסט.

איז איין פאָרם געווען דער אופן,
וואָס אור-מענטש געדאַכט :
גאָט אין זעלבן פאָרם פון אָפּגאָט,
איז אין זיין פאַרגלייך.

האָט ניט שפּעטער אין אור-אַלטער,
נאָכן אָפּגאָט׳ס סוף ;
פאַנגט דער מענטש אָן, גאָט צו פאָרשן,
זוכט אַ הימל-גאָט.

האָט ער גאָט געדאַכט, איז פאָרם-לאָז,
האָט ניט קיין פאַרגלייך;
און פאַראַכט האָט פאַלש-געבעטן,
יעדן פאָרם פון גאָט ...

נאַר, ווער האָט אין גאָט געזעען,
אַן אויסלייז צום פיין?
צו דען גאָט, אָן אַן אויסזעען,
האָט פאַרזען די וועלט?

וואַקסט דען ניט, דעם מענטש'ס צערשטערונג,
ביז וואַן זיך באַפרייט?
און פון פאָרם-לאָז, ביז צו גאָט-לאָז —
שאַפט אָפּ און באַשאַפט ...

## דרייט זיך דאָס געוועלטעניש

אַל-מאַכט! ווי באַשעפעריש,
האָסט די וועלט אַ באַשאַף געטאָן;
דרייט זיך דאָס געוועלטעניש —
נאַר, ווער געוועלטיקט אויבן אָן?

דען, אָט דער מענטש, ווי ר'איז ערדעריש,
אין זיין ספעקטאַקל גאָט באַטייליקט;
גילט דאַפאַר דאָס פאַרפירעניש —
זינט דער מענטש, דאָס פאַרהייליקט ...

אַל-מאַכט! אַל-אַל-פאַרהווילעניש,
מאָלט זיך איינם אינאַנדערן;
און וויפיל אַבער-גלויבעריש?
נאָך, מיט לויבן און באַוואונדערן ...

# אין קריזיס צייט

## א

פון סטרייק, נאָך סטרייק אַ פאַרשפּילטער,
אַרויסגעוואָרפענער, ווי קויט ;
און דריי-יאָר-צענדלינג אין פאַבריק,
געוועבט, געוועבט פאַר זיך די נויט.

און ווי פאַרמאָרעט און פאַרשוואַרצט
און ווי פאַרלאַטעט און פאַרנייט ;
און נייער אָטאָמאַט וועב-שטול,
איז דאָך דער נייעסטער פון דער צייט.

געזונג איין וועבער אויף צען וועב-שטול
און אַ פּאָר-רעדלעך אויף די פיס ;
אויף גאַנצן אָפּטייל זיך אַ יאָג טאָן,
נאָך אַזאַ אָטאָמאַטישן-ריז.

און דיין געזיכט אַן אַלט צערקנייטשט,
צו שווער אויף זיך אַזאַ באַלאַסט ;
און גלייך ביים קוק דער באָס זיך קרומט:
ניט דיין געביין אַהער זיך פּאַסט ...

נאָר וועמען, דינגט זיך דען דער באָס ?
אַ יונג אַ גולם, קנאַפּ אין זין ;
אַ קלאַפּ אין פּלייצע פאַר זיין פליים,
יאָג נאָך אַן אָטאָמאַט-מאַשין.

רוישט, רוישט די נייע וועב-מאַשין,
איין יונג פאַר פיער איז אָנגעשטעלט;
דאָס מויל פאַרשטומט אין בייז-געאייל,
האָט אפשר אַ קללה פאַר דער וועלט?...

אין ווילד געאייל דאָס לעבן יאָגט,
דעם אָטאָמאַט ביי דער האַנט;
און קופּעס סחורות וואַקסן אויס,
אַ שטיק-געוואַנט, נאָך שטיק-געוואַנט.

עס יאָגט אַ "ספּיד-אַפּ", ס'חיות נאָגט,
אָ, ניט געדאַרבט און ניט געלעבט!
און ווער ענס ברכה וועבט זיך אויס,
וואָס מיט אַ קללה דורכגעוועבט?...

ב

ס'גייען ליידיק אום די וועבער,
ווי זיך אויסגעוועבט;
און די אַלטע וועב-מאַשינען,
ווי שוין אויסגעלעבט...

נאָר אויף אַלטע וועב-מאַשינען,
פרעגט זיך עמיץ נאָך,
נעמט אַ "דזשאָנק-מאַן" צו אויף אייזן
און צעהאַקט אויף ברוך...

גייען ליידיק אום די וועבער
און קיין סחורה פעלט ;
ס'וועבט די נייעסטע וועב-מאשין,
וועבט שוין אוים א וועלט.

וועבט דאס נייע, פאר דאס אלטע,
אויפן האלדז א שטריק ;
און דער "דזשאנקמאן" מיט א האמער
האקט אפ שטיק, נאך שטיק.

ג

ס'גייען נאך "רעליף" די וועבער,
איטליכער קומט מיט זיין נויט,
ציט זיך די ליין אזא לאנגע,
לאנג, ווי מען טיילט אוים אויף ברויט.

קוקן זיי מיד, ווי דערשלאגן
און אן אומרוהיגקייט ציט ;
גרייט, ביי זיך גרייט צו פארדינגען,
שטעלן זיך פעסט אויף די טריט.

דויערן שעה'ן אפצו'פטרן,
יעדן הונגעריקן בליק ;
טיילן דעם רעליף, וואס קנאפער,
אט, ווי מען קנייפט אוים א שטיק.

נאָר, קריגט ווער רעליף פֿאַר אַרבעט,
רייניקן די גאַסן פֿון קויט;
וואַרפֿט מען אים אַרויס פֿון וואוינונג,
איידער נאָך פֿאַרדינט אויף ברויט.

ד

כ'הער דורכן פֿענסטער מיין ראָג גאַס,
ווי טומלדיק מען רעדט פֿון נויט;
צערשרייט זיך ווער, קלאַפּט זיך אין האַרץ,
מ'האָט אים געבראַכט, צום בעטעל-ברויט.

עס שטייען הונדערטער אַרום,
ווי אַ פֿאַרזאַמלונג אויף ראָג גאַס;
און הינטער געסלעך האָרכן צו —
און אָפּגעריסענע אַ פּאַס ...

רעדט איינער פֿון פּלאַטפֿאָרם אַראָפּ
און ווייזט פֿון וואַנען קומט די נויט;
און צאָרנדיק לאָזט אויס אַ פֿלוך —
אַ וועלט, וואָס טיילט אויס בעטעל-ברויט ...

ה

ערגסטע וואוינונגן, אין אָרעמסטע גאַס,
שטייען אַלטע הייזער אַסך;
וואוינען ווערבער, פֿון דער קעלער-שטוב אַן,
ביז אויף בוידעם-שטיבעל ביים שפּיץ דאַך.

וואַלגערט זיך אַרום דאָס אָרעמקייט,
צאָלט רעליף האַלבּ דירה געלט אויס;
נאָר אויף בּיליגסטן קלעקט ניט צום מאָל,
ציט זיך אַריין און ציט זיך אַרויס ...

ציט זיך אַ געצי, ווי אויף אַ שטריק,
דין דער פלאַקס, בּאַלד הענגט אויף אַ האָר;
אָט ער פּלאַצט, צו גאָר אויף איינעמס האַלדז —
ציט זיך אָט די נויט אַ גאַנץ יאָר ...

ו

נאָך די אויסגעוועבּטע וועבּ-שטול,
דאָס גוס-אייזן שמעלצט זיך שוין;
נאָר די אויסגעוואוינטע שענטעס,
שטייען נאָך אַ וואו איך וואוין.

שטייען אָט די אַלטע שענטעס,
טויגן פאַר דער וויסטער האַק;
שפּאָרט רעליף פון וועבּער'ס נויטן,
פּאַקט דאָרט אָן אַ פולן זאַק ...

נאָך די אויסגעוועבּטע וועבּ-שטול,
דאָס גוס-אייזן שמעלצט זיך שוין;
האָבּ איך צייט, מעסט אויס די גאַסן,
ניט קיין אַרבּעט, ניט קיין לוין ...

ז

אויף יעדן טאָג און גאַס, וואָס מען רעדט,
סיי אַ נאָענטן קלאַנג, וואָס מען הערט;
סיי אַ ווייטן בילד ערשט געבערט,
קלינגט מיר נאָך אין וועג —
און אין גאָר ווייטע, פרעמדע שטעט,
אָט אַזוי קופּקעלעך אַרום מען זעט,
ביי יעדן טאָג און גאַס און מען רעדט:
פון די ביטערע טעג ..

מיר גייען ליידיק-גייערס אַרום,
ניט ווי ליידיק-גייערס פּוסט און פּאַס —
מיט אונדז טראָגט זיך מיט, די נויט אין גאַס!
פאַלט ס'ליידיקגיין צו לאַסט —
און נאָך ווי אַרעמדיק, שטאַר און שטום;
און דאָס בעטעל-ברויט אַזש פאַלט פון האַנט,
וועמען, איז ניט ס'בעטעל-ברויט צו שאַנד?
און דאָס בעטלן פאַרהאַסט ..

און קלינגט אַ קייבעל נייעס פון רעוואָלט,
זאָל צעקלינגען כאָטש אויף יעדן טאָג;
טראָג איך מיט די נויט אַנטקעגן טראָג,
פאַר אַ וועלט רעוואָלט —
אָ, אונדזער נויט, ווי פון אַ שלאַפקייט גרוילט!
ראָיעט זיך, ווי ווער פאַרוואָרלאָזט ווערט,
ווי אַ קאַץ ביים מיסט-קאַן, ס'אָפּפאַל יערט —
און אַ וועלט, וואָס פוילט ...

ח

לײדיקע טעג און צעריסענע טאַשן
און צערלעכערטע שוך פאַרשטעקט אין קאַלאָשן;
און דער סורדוט איבער געניצעוועט גלאַט,
מיט אַן אָפּגעטראָגענעם קאַראַוואַט.

פּאַסט זיך אַזאַ הולך הינטער וועגן
און אַפילו צום מאָל אין אַ רעגן;
העקלט זיך דאָס סורדוטעל ביזן לאַץ
און ווער דורכגעווייקט ווי אַ בלודנע קאַץ.

טרעפט זיך אָבער אַזאַ טאָג, אַ שײנעם,
פּאַסט זיך צו אַ "טרעמף" צו אַזאַ אײנעם;
און פאַרגלײכט נאָך ווער, מיט באַדויערונג פּײן,
אפשר טרויערן אויף מײן לײדיק-גײן?

נאָר אין וועמענס רײך כ'פּרואוו זיך אָפּשפּיגלען,
העננט דערויף אַ שלאָס אויף זיבן ריגלען;
נאָר ווען ס'איז, זיך איבער קלײדן די נויט —
און זיך אַרײן ציען, וואָס אויפגעבויט ...

ט

ר'האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער ברויט-לײך,
ווי מען רײסט זיך אַרויס פון נויט;
און אַלע קאָליערן אויף דער הויט,
געביטן זיך בײ אים, אין אַן אויגן-שײן ...

ר'האָט זיך פאַרשעמט און ס'האַרץ געשלאָגן האָט שטאַרק,
וואָס טויג אַ ברויט-לײַן אויף דער וועלט ?
צו מאַגאַזינען ערגעץ פעלט ?
צו דען, איז פאַראַנען אַ שטאָט אָן אַ מאַרק ?

ר'האָט זיך פאַרטראַכט, ניט נידעריגער, ניט העכער איז,
מיט אַנדערע אַרום באַגלייך ;
נאָר, ווי פאַרוואָרלאָזט און ווי בלייך,
דאָס בלוט אין אים זיך ריזלט, ווי ביי אַ ריז ...

ז

פוסטעוועז פאַבריקן — זשאַווערן מאַשינען —
און צערלעכערטע שויבן קוקן אוים, ווי חורבות,
ווי מייז אויסגעפרעסן וואָלטן זייערע אויגן —
ראָד און רימען שטומען, הוזשן נישט און רוישן ;
שפרייט זיך פון פאָרהאַנגן, וואו ניט וואו אַ שאָטן,
דאַכט זיך, ווי אַ פגר ליגט שוין אויסגעצויגן ...

ס'יערט זיך אַ פאַרפוילעכין, ווי אין האַנט ביים קברן,
ביסקל לעצטער רידל טוט דעם גרוב פאַרשיטן ;
איבלדיק גייט איבער ס'לעבן פון די שקלאַפן :
זשאַווערן מאַשינען — ראָסטעט אונדזער לעבן !
שאַרפן מיר די נויטן, מאָנען אונדזער אייגנס —
און אַ וועלט אויפריכטן, אַלצדינג איבערשאַפן ...

# יא

צווישן מוטיקע און קעמפּענדע,
ר'האָט זיין געדאַנק געשאַרפט:
ס'לעבּן איז דאָך ניט אַזוי,
ווי אייזן-בּרוך מען וואַרפט ...

ניט קיין ספּיד-אַפּ אַלץ אויף איינעם,
וואָס קריינקט עס אויס אין נויט;
און די איבּעריגע צום טייפל,
זיי האָבּן ניט אויף בּרויט.

ניט קיין ספּיד-אַפּ אַלץ אויף איינעם,
וואָס וועבּט אַ קללה איין;
און די איבּעריגע צום טייפל,
פאַרשעלטן זייער געבּיין ...

צווישן מוטיקע און האָפערדיקע,
גרייט קעמפּענדיק בּאַנאַנד;
צו צערבּרעכן דעם ספּיד-אַפּ,
מיט פעסטן ווידער-שטאַנד ...

דעם אָטאָמאַטישן וועבּ-שטול,
דער וועבּער-יונג, וואָס וועבּט;
דינט דאָך, ווי אַן אָטאָמאַט —
און ווי אַ שקלאַף ער לעבּט.

דער אָטאָמאַטישער וועבּ-שטול,
דער נייעסטער פון דער צייט;
קען דאָך אַ בּרכה זיין —
דער וועלט פאַרפלעכטן פרייד ...

## "פּאַפּ"

אַלע רופן זיי אים פּאַפּ!
איבּער זיין ווייס גרויען קאָפּ,
קרומט זיך אַ שמייכל אויף זיין געזיכט;
ניין און פערציק יאָר — און יעדנס פּאַפּ —
און קען זיינע אייגענע קינדער נישט גענינגנט טאָן,
פּאַלבּט זיך אַ גרימאַסע,
פון אַ פריער עלטער,
וויטיקט זיך זיין אויסזען.

גאַנצענע טעג, שלעפּט זיך פּאַפּ אַרום,
מיט קאַראַוואַטן;
פון איין אָרט אינאַנדערן דאָס רענצעל,
יעדעס אָרט, איז אים ענג;
פון איין האַנט אין דער אַנדערער דאָס רענצעל,
יעדע האַנט איז אים מיד;
וואו די פיס אים טראָגן,
זיינען אַלע וועגן אים עגאַל,
ווייסט נישט וועלכן אויסצוקלייבּן.

ס'טראָגט פּאַפּ דאָס רענצעל,
קאָלירנדיקע קאַראַוואַטן,
מוסטערנדיקע שלייפן,
שאַטירנדיקע שליפסן,
די מענטשן אויסצופּוצן,

נאָר אַליין, ווי עס איז גייט אָנגעטאָן,
אַליין וואָלט ער די וועלט בּיים האַלדז
געוואָלט צו ציען,
וואָס האָט אים פאַר אַ פאַרקויפער געמאַכט;
האָט ער דאָך ליבּערשט, די שלייפן געוועבּט;
די אַרבּעט האָט אים אויפגעלעבּט;
נאָר היינט בּאַדאַרפט מען אים ניט,
טויזנטער אויף זיין אָרט פעלן ניט,
פאַראַן בּילכערע,
יונגערע און בּיליגערע פאַר אים ...

ס'שלעפּט זיך פאַפ מיטן רענצעל,
אַזוי פיל נויט און רויט'ס,
האָט זיך שוין לאַנג בּיי אים אויסגעוועבּט,
וויל ער יעדן אַרויטע שלייף פאַרקויפן;
נישט בּלויז צום יום-טוב — ערשטן מאַי,
נאָר אַ גאַנץ יאָר
איז פול די וועלט מיט נויט און רויט — —
און שטאַרבּט ווער, זוכט פאַפ אויסצומיידן,
ר'זאָל נישט וועמען אַ שוואַרצן שלייף פאַרקויפן —
ר'וויל פון יענעם'ס אומגליק ניט פאַרדינען.

טויט-מיד שלעפּט זיך פּאַפּ אַהיים מיטן רענצעל,
ר׳קען דעם טאָג נישט אויסרעכענען,
וואָס ר׳האָט אויפגעטאָן;
אַמאָל האָט זיך אים, בּיי דער אַרבּעט געזונגן
און דעם פּיין אַפילו אין פרייד איינגעוועבּט,
האָט ער נאָך דער אַרבּעט איבּער געזונגן —
נאָר היינט, וואָס האָט ער אויפגעטאָן?
וואָס וועט ער איבּער זינגן?
נאָר, ס׳מישט זיך אים אין קאָפּ,
נאָר, ס׳חלומ׳ט זיך אים:
די העלדזער פאַרשליפסן,
די העלדזער פאַרשלייפן,
קאַראַוואַטן! קאַראַוואַטן! קאַראַוואַטן!
ווי עמיץ וואָלט בּיים האַלדז
די נויט געוואָלט אויפהענגען ...

## צאַלקע דער וועבּער

צאַלקע דער וועבּער, מיטן קאַליעדיקן אויג,
האָט אַזוי אָ, ניט געזען צו וועבּן;
נאָר, סיי ווי סיי — אַ געמאַרטערט-לעבּן!
האָט צאַלקע זיך געקלאָגט אין נויט —
און בּיי בּיידע אויגן האָט מען צאַלקן,
געשונדן אַ הויט —
איז צאַלקע דער וועבּער,
געוואָרן אַ בּאַגרעבּער.

נאָר, צאַלקעס אויג, האָט ווי רויט-רויזנדיק,
זיך אָנגעצונדן ;
האָט צאַלקע אַזאַ שוואַרץ-לאַטקעלע,
צום אויג צוגעבונדן —
אָבער זיין שוואַרץ מלאך-המות-אויגל,
האָט יעדן, ווי געשראָקן :
ווי נישט אָנצורירן,
אים, ווי אַ נישט-גוטן —
האָט צאַלקע זיין שוואַרץ-לאַטקעלע,
אויף אַ גרוי-לאַטקעלע אויסגעביטן.

אָבער, צאַלקן האָט הנאה געטאָן,
ווען אַ באָס, איז אים אונטער געקומען —
אוי, וואָס צאַלקע האָט פון אים געליטן !
ר'האָט אים די עצמות געצויגן פון לעבן,
ווי די פעדעם און פעדעם,
ווי שטראָס און געשפּאַנט געטאָן וועבן — —
האָט צאַלקע ביים באָס אַרום געפּאַדעט,
ווי אַ קראָ אַרום טויטע ראָבן —
און צאַלקע האָט זיך געפּלייסט :
ניין-איילן אין ד'ערד, וועל איך דיך באַגראָבן ...

# האַנקע דער וועבער

האַנקע דער וועבער,
האָט שוין באַלד פאַרגעסן צו וועבן ;
און האַנקע געדיינקט נישט, ווי לאַנג גייט שוין ליידיק —
האָט ער צייט — זיך נישט צו יאָגן,
שטייט האַנקע אָפּ שטונדן, יעדע וואָך ביים "רעליף",
נאָר, וואָס אַמאָל שרומפּט איין — ס'ביסל, וואָס קריגט —
און האַנקע דערמאָנט זיך, ווען ער האָט געוועבט,
האָט מען געקנאַפּט אויך זיין לוין,
ווי מען קנייפּט אוים אַ שטיק —
נאָר, האַנקע האָט דאָס פאַרריכט,
כאָטש ר'איז ניט קיין שניידער —
ווי אַ לאַטע אויפן לעבן ...

האַנקע דער וועבער, האָט נישט צו וועבן,
נאָר האַנקע ווייס גוט ס'פאַרדינסט פון די וועבער :
צום וועבן — מען דאַרפט רעליף זיי צו געבן —
און האַנקע וואָלט אַזוי שוין ניט געוועבט,
פאַר אַזאַ מאָגערן לוין, ווי דער קאַרגער רעליף,
שוין בעסער אַזוי מען לעבט —
היינט פאַסט זיך האַנקן פאַרע הולך ער גייט —
אפשר פאַרדינען אויף שמאַטעס פאַר וועבן ניי-געוואַנט ?
האַנקע האָט צייט איצט צו טראַכטן ;
שטאַט'ס פעדעם — געדאַנקן זיך אים וועבן :
ר'וואָלט אַלע לאַטעס און שמאַטעס צעריסן —
און גאָר אַנדערש וואָלט האַנקע פאַרריכטן דאָס לעבן ...

# לייב און לעבן

ר'האָט זיך אויסגעאַרבעט לייב און לעבן,
בינדט ער באַנדאַזשן,
אויף מאָזאָליעטע הענט
און גראָב-אָדערדיקע פיס ;
פרעסט ער צו די בלוטן,
זאָלן נישט איבער לויפן זיין מידקייט,
וואָס ער גייט זיך אָן לייב און לעבן.

די נויט, ווי אַ שנור,
ציט זיך אים אַרום,
בינדט ער די שלאַבריקע גלידער ;
פרואווט דערנאָך זיינע מוסקעלן,
זיי אויסהאַרטעווען ;
און די פויסט שטייף צענויף דריקן,
וואָס זיך אויסגעאַרבעט לייב און לעבן.

יעדן אין דער פרי,
וויקלט ער אַרום די קניע ;
צו פאַר אַ גאָט'ס שטראָף,
וואָס ר'האָט פאַרשפּאָט :
רצועות לייגן אויף דער האַנט —
נאָר נעמט דען גאָט דאָס אין אַכט ?
געצן-דינערשע געבעטן ...

יעדן אויף דער נאַכט,
לאָזט ער לויז דאָס צוזאַמען געבינדעכץ ;
נאָר קען די נויט נישט איבעררייסן —
פאַרבייסט ער די ליפּען, די נויט דורכצובייסן —
נאָר, נעמט דען ווער דאָס אין אַכט ?
וואָס זיך אויסגעאַרבעט לייב און לעבן ...

# שקלאַף אַרויסגעוואָרפענער

שקלאַף, אַרויסגעוואָרפענער!
וואַלגערט זיך אויף פרעמדן שוועל,
ווי אויסגעקערט מיסט —
נאָר, דיין האַר, וואָס האָסט אים אַ פּאַלאַץ געבויט,
איז אויסגעכאַליעט;
האָט דיך פאַר אַ פאַרוואָגלטן געמאַכט —
און קרוע-בלויע לאָזט די אויגן אַראָפּ,
קוקן די לעכער ארויס פון דיין באַשטאַנד;
שעמען זיך נישט פאַר דער וועלט —
און מאָנען, מאָנען, מאָנען ...

שקלאַף, אַרויסגעוואָרפענער!
שפּאַרט זיך אָן אויף אַ באַנק,
נעבטיקסטו דאַכלאָז,
שטייסטו אויף ברויטלאָז;
שטורכעט דיך דעם פּאָליציימאַן'ס קלאָב,
וואו נאָר דיין געביין טרעפט —
נאָר, דיין האַר, וואָס האָסט אים ס'גן-עדן געפלאַנצט,
לאָזט זיך וואויל-גיין,
האָט דיך פאַר אַ בעטלער געמאַכט —
און שקלאַף און בעטלער דערנידעריקן דיך,
שרייען דיינע ווייטאָקן אַרויס;
שעמען זיך נישט פאַר דער וועלט —
און מאָנען, מאָנען, מאָנען ...

שקלאַף, אַרויסגעוואָרפענער!
היינט ביסטו איבעריג דיין האַר,
האָסט זיינע מאַגאַזינען איבערפולט

און זיינע שפייכלערס ברעכן זיך ביז אַרויף,
שווערט אַראָפּ זיין געלט-זאַק ;
גלאַנצט ער גינגאָלד פאַר דער וועלט,
נאָר, דיר טיילט ער וואוילטעטיקייט :
"טשאַריטי" — ברעקלעך ;
ער איז דיר אַ פילאַנטראָפּ אין דיין נויט —
און שמאַך און שאַנד דריקט אין דיר,
אַסוף זאָל שוין זיין :
אוים שקלאַף און אוים בעטלער —
אוים שקלאַף און אוים האַר ...

## נישטאָ וואו אַהין טאָן זיך

נישטאָ, וואו אַהין טאָן זיך,
אין שעה'ן פון ליידיקגיין —
מעסט איך אוים די גאַסן,
ליג אין אַלע פּאַרקן —
רייסט זיך אָפּ און שלייסט זיך אָפּ,
נישטאָ אויף קיין אַנדערס ;
און ס'האַרץ נאָגט, נאָגט פון נעכטיקן טאָג —
און צערט זיך צו פונם היינט —
קרעלט אין דער קעל, ווי אַ ביטערער פיל,
נישט אַראָפּ צו שלינגן און נישט אויסצושפייען —
נאָר, מיינע הונגעריקע חברים,
פלוכן ס'בעטעל-ברויט ;
און פאַרשטאָפּן זיך די מיילער מיטן רעליף —
און נעמען פאַרליב אַזוי ...

## ערב־סטרייק

ערב-סטרייק ! ערב-סטרייק !
וועקט דאָס גערויש אין פאַבריק,
צום אויפטשוכנג ;
זינגן די מאַשינען צום לעצט,
צום אויפוואַכונג —
קלאַפּען די הערצער,
פון נויט און פאַרשקלאַפנג,
פלאַטערן צו דער פריי,
צום סטרייק ! צום סטרייק !

ערב- סטרייק ! ערב סטרייק !
ציען זיך די רימענס,
אין לעצטן הוזשעריי,
צום אויסגעשפּאַן —
לאָזט זיך לויז דער שקלאַף פון דינסט —
טאַנצט דעם לעצטן וואַלץ,
אַ ראָד-געדריי,
צום שטיל-שטאַנד ;
שיינען אויף די פּנים'ער :
פריידיקע אויסרופן אין פאַבריק !
פון שפּאַן — צום אויסגעשפּאַן —
צום סטרייק ! צום סטרייק !

# קלינגט דאָס יונגוואַרג

ס'קלינגט דאָס יונגוואַרג,
זינגט אין סטרייק-פּאַראַד,
שפּילט קינד און קייט —
באַראַבאַנעווען יאַטלעך,
אויף אַלערליי מכשירים,
בלעכענע געשירן,
פּאַר טאַצן און פּויקן ;
צימבלען בי-רי-באַם-באַם,
אויף בלעכוואַרג און קאַנען,
קלאַפּן די שטאַרצן,
אויף צערלעכערטע טעפּ ;
שפּילט די נויט אַ קאַפּעליע,
אַליך, וואָס גיט אָפּ אַ קלאַנג.

ס'פירט אַ סטרייק-פּאַראַד די נויט !
ווען נאָך ס'חלומ'ען די קינדערלעך ברויט,
וועקט זיי אויף די נויט פאַרטאָג,
גייען גלייך מיט די גרויסע ;
צימבלען בי-רי-באַם-באַם :
אַרויס פון די הייזער,
מיטן הונגער אויפן גאַס אַרויס —
קלאַפּן אין די פּויקן,
אַריין אין די פראָנט גאַסן,
אָרעמע הינטער געסלעך
קענען זיי שוין געגוג —
מאַרשירן די יאַטלעך,
טראָגן די פלאַקאַטלעך,
קלינגען אויסרופן ביז אַ זיג ...

ס'פירט אַ סטרייק פאַראַד די נויט !
שטאָט מיט שטעטלעך אַ צולאָג,
שטייען די פאַבריקן ;
טויזנטער פיקעטן,
טויזנטער פאַראַדירן,
קלינגט דאָס יונגוואַרג,
קינדער פון סטרייקער,
האָבן קיין שענערע בענד-מוזיק —
נאָר עס געפעלט ;
און ווען מענען ניט ?
שפּילט שטאַרקער די נויט !
מוטיקן סטרייק צום זיג ...

ס'קלינגט דאָס יונגוואַרג,
גאָר ס'קליין-וואַרג אַ צולאָג,
רייטן אויף סטרייקער'ס אַקסלען,
זייערע בלייכנקע,
אָפּגעריסענע,
זעען זיך זייערע לייבער,
דורך די בגדים'לעך אַרויס ;
און וואָס זעסטו דען ניט,
פון זייערע פּנים'לעך אַרויס ?
טראָגן זיי, די סטרייקערס אויף זיך מיט,
דאַכט זיך, ווי זייער אייגענע פּלאַקאַטן,
קענען שוין אויף אויסנווייניק —
און סטרייקן מיטן הונגער-לוין ...

# לידער אויפן שיד־וועג
# און שפּיטאָל לידער

* *
*

מעג גאָט גרינג, מיין זינד פאַרגעבן,
שווער איז אָבער דאָס צעשיידן;
ליבערשט כ'וויל אין גיהנום לעבן,
מוחל ביז נאָכן טויט ס'גן־עדן ...

## איך וועל דיר די ביכער מיטגעבן

איך וועל דיר די ביכער אין קבר מיטגעבן,
ס'וועט כטייען געניג אַ מצבה צו שטעלן;
אָ, וואָס מיר די ביכער — ווער לייענט ביי דיין לעבן?
זאָל כאָטש פאַר די טויטע קיין ביכער ניט פעלן ...

איך וועל דיר די ביכער פאַרשפּאָרן פאַרקויפן
און פּאָליצעס ביכער די וועגט נאָך פאַרשטעלן;
גאַניץ אַנדערש, אויף וואונדער מעט קומען צו לויפן
און פאַר אַ מצבה — עס וועט שוין געפעלן ...

איך וועל דיר די ביכער צו קאָפּנס דיר לייגן,
ווער קען פון די ביכער מישטיינס־געזאָגט לעבן?
און אויפן בית־עולם דיין רום וועט שוין שטייגן,
די שענסטע מצבה, ס'וועט זיין, וואָס קען געבן ...

## װעלכער גראַניט־שטיין

װעלכער גראַניט־שטיין, װעט מיר צוקאָפּנס שטיין?
און פון מיין געדעכעניש און געביין,
בלייבן אַן אָנדענק בלויז אויפן טויטן־פעלד —
און פאַרגעסן אויף דער לעבנדיקער װעלט? ...

שרעקט מיין װייניקייט, אַ װאָס מיר מאָלט זיך אויס,
דען װאָס קומט פון מצבה־קריצער'ס גלוט אַרויס?
ס'שיינען שורות און קיין רעקלאַמעס ניט פעלט —
ס'אויסגעקריצטע װאָרט אַף מצבה מען באַשטעלט ...

גלענצן אותיות מיט זייער גאַנצן גרויס,
װאָס דען קומט פון מצבה־קריצער'ס האַנט אַרויס?
מעג אַ קלאָגער זיך אויסשרייען אַ געװיין —
נאָר, דאָס דינגט מען װעס, ניט צו פאַרגעסן זיין ...

## מאָדנע חלומות

מאָדנע חלומות, װאָס כ'האָב קיינמאָל געדאַכט,
האָבן זיך געפּלאָנטערט מיר ביי נאַכט;
און נאָכדעם ביזן גרויען באַגין,
כ'האָב שוין געװאַכט און נאָכגעקלערט דאַפון.

כ'האָב קלאָר שוין געדענקט, װאָס פריער ניט געטראַכט,
אַ קוישעל־בלומען האָט מיר עמיץ געבראַכט;
און שװאַרצער ־װאָגן שוין געװען איז גרייט —
און כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט אין זעלבער צייט ...

## ווער ווייס ?

ווער ווייס, ווי כ׳וועל אויסזען, ווער ווייס ?
אַהינטער באַרג גליטשט זיך מיין שפּרייז ;
נאָר סקאַלעס אַרום און אַריין,
די זון איז נאָך ווייט פון פאַרגיין,
איך כאַפּ זיך צוריק אַלעווייל,
אַראָפּ צו אין טיף איז אַ הייל.

עס לויערט די נאַכט, וואָס פאַלט צו,
אַ גליטשיקער וועג ביזן פּרי ;
און ס׳דראָעט צעמאָרגנס די נויט,
וואָס בלייכט זיך און גרינצלט און גרויט —
און סקאַלעס און פעלזיקן-שטיין,
איך כאַפּ זיך נאָך אָן און וויל זיין ...

נאָר, וואָסער פּרייז גרייט צום געזונד,
פאַר שניידן און היילן מיין וואונד ?
נו, דזשאַלעווע נישט, וואָס איך דאַרף,
דאָס מעסער פון כירורג איז שאַרף !
פאַר גאָלד קריגסט אַ דימענט, וואָס שניידט —
אָ, ווען ווערט מיין לעבן באַנייט ? ...

## לאָז מיך גיין

וואָס מיין יוגנט ניט דערגאַנגען,
ביזן עלטער כ'וויל דערגיין;
נאָר סיי פלינק און סיי פּאַמעלעך,
בלייב נאָר ניט אין מיטן שטיין.

שפּאַן איך מונטער, גיי איך פעסטער,
ס'מוז דער וועג געענדיקט זיין;
און ביז טיפן גרויען עלטער,
לאָז מיך גיין, און גיין און גיין ...

## איך בין געוואָרן

איך בין געוואָרן פאַרשקלאַפט אַזוי,
גייען אַוועק מיינע טעג אָן זין;
און מיין ביינקשאַפט פאַלט טויט-מיד,
ווער ווייס ווען, ווען זיך אויפכאַפּן?

איך בין געוואָרן גרוי אַזוי,
פּאַסן מיר נישט, די יאָרן צו;
שעמט זיך גאָר, מיין האַרץ, מיין יונג'ס,
ווי נישט אַ פּאַסיק-קלייד צום לייב ...

איך בין געוואָרן אָט אַזוי:
שלעפּט די גויט מיין קראַנקן גוף;
ווער ווייסט, דאָס קור-אָרט פאַר מיין פּיין?
וואו איז דער אָפּרו פאַר מיין לאַסט?

## דאָס לעבן —

פון אַ בוים דאָס לעבן,
בליט אויף פרילינג, וואָס אַ יאָר ;
וויפיל, לעבט אוים יאָרן ?
פון בוים-רינגן, ווער געוואָר ...

נאָר, מיין אייגן לעבן
גרויט זיך, גרויער, וואָס אַ יאָר ;
צייל איך ניט די יאָרן —
און פון סוף ניט ווער געוואָר ...

## אוי אַזוי

אוי, אַזוי, אוי אַזוי !
גייט אַוועק דאָס לעבן
— אין פאַריאָגטקייט
— אין פאַרפלאָגטקייט
איילט, איילט אַזוי,
פון פרי, ביז שפּעט אַזוי,
פאַלט ער, פאַלט טויט-מיד
מישט זיך אין באַוואוסטזיין :
וואָס האָסטו אויפגעטאָן ?
וואָס וועט איבערבלייבן ?
אוי אַזוי, אוי אַזוי !
— וויינט פאַרן טויט דאָס לעבן
גייט עס אוים באַוואוסטלאָז :
טויט-שלאָף !
טויט- שטאַר !
אוי אַזוי, אוי אַזוי !
העלפט שוין ניט קיין לעבן,
קלאָגט מען אויפן טויטן ....

## דער שפּעטיקסטער

כ׳פאַרשפּעטיק זיך דער שפּעטיקסטער,
גיי איך צוריק דער לײדיקסטער ;
נאָר, דאָס האַרץ איז מיר שווער,
דער צוריק-וועגס איז לער ...

נאָר, שפּעטיקסטער, צו פריערסטער,
פאַרזאַמט דאָך אויך דער גיכסטער ;
און בלייבט אַמאָל גאָר שטיין —
און קען ניט ווייטער גיין ...

## לעצטן צוג

אָ, אין באַוואוסטלאָזן נגון,
וועל איך גליוורן פאַרגיין ;
לעצטן צוג, וואָס איך וועל קריגן,
וועט דער אָטעם מיר פאַרווייען.

וועט סוף לעבן זיך אויסשפּילן,
ביזן ענד אַריין די גרוילן ;
ביז אין טונקעלע געהילן,
שוין אויף אַלעמאָל פאַרהוילן.

ביזן תהום׳ען פאַרגייען,
וועט דעם לייכן-צוג אָפּשטעלן ;
וועט געביין מיט גרוב זיך געדרייען —
וועמען, וועל איך אָבער פעלן ?

## ווייליקייט

ווען, דאָס לעבן ווילט נישט,
איז אָן פאַרווײלונג זיך גרויט ;
און ווען איך פאַרוויל נישט,
איז מיר, וואָס אָנפאַרטרויט.

כ'בין אין מיין מוזע פאַרליבט,
פאַרברײנג איך מיט איר מיין צייט ;
און טרעפט אַ לאַנגווייליקע שעה,
זינג איך פון לעבן ווי ס'גייט ...

## ווער וויל אַלץ דערלעבן

וואָס מאַכסטו ? מען מאַכט זיך נישט וויסן —
ווי גייסטו ? מען גייט אָפּגעריסן —
און פראַגן און ענטפערס, וואָס געבן,
פאַרשעמען די נויטן פון לעבן ...

נאָר, ווער ווערט אָפּהענטיק פון גרוסן,
ענטריסטונג אויפוועקן די טרוסן ;
וואָס קען דען דער יאוש פון נויטן,
מקנא זיין, מער ווי אַ טויטן ?

ווער וויל אויף דער וועלט זיך איינקויפן ?
אויף יענער וועלט קריגסט ערד אַ הויפן ;
אַ טויטן — דער וועלט, וואָס קען געבן !
ווער וויל אויף דער וועלט, אַלץ דערלעבן ?

## צו לוינט זיך

צו לוינט זיך צו לעבן אין פיין ?
נאָר, ווען מענען לוינט זיך דער טויט ?
דאָך, פיין קען פאַרציען די נויט,
ביז גאַנצן באַוואוסטלאָזן זיין ...

נאָר שטענדיק, דאָס לעבן געקווועלט,
געפינט שוין אַ טרייסט און אַ ציל ;
מעג ס'לעבן זיך נאַרן וויפיל —
דאָך האָפט אויף אַ שענערע וועלט ...

## אַ שאָד מיינע שאַצן

נערוועז, ווי דראָעט אָנגעצויגן,
בליקן, ווי פייל אויסן בויגן ;

הענט פאַרמאַזאָליעטע אָנלאָדן,
ציטערן פיס אויפן באָדן —

וויל ס'האַרץ, ווי קוועק-זילבער שפרינגען
און ווי אַ גלאָק צו צעקלינגען ;

האַמערט אַזוי אין די שלעיפן,
פרעסט וועגן דעם קאָפּ, ווי מיט רייפן ;

ציט זיך, און ציט זיך צוזאַמען,
ביז וואַן די קינבאַקן פלאַמען —

זע נאָר, קיין נערוון זאָל ניט פלאַצן !
אַ שאָד מיין שאַך-קאַמער'ס שאַצן.

## דערווידער

די נאַכט, איז דערווידער מיין טאָג,
וואָס שקלאַף אַזוי פיל, וויפיל שעה ?
דאָס גייסטיק פאַרמעג, וואָס פאַרמאָג,
אַ רוישיקער ניוועץ נעמט צו ...

דער טאָג, איז דערווידער מיין נאַכט,
ברייננגט אויכעט פאַראיבל, פאַרוואורף ;
מיט נאַרעשקייט צופיל פאַרבראַכט,
די נשמה פאַרגעסן אין גוף ...

## שטענדיק מיט זיך

איך בין שטענדיק געווען מיט זיך,
וואַך איז געווען מיין זין ;
נאָר, וואָס אַמאָל אָן זיך פאַרגעס,
ווי פרעמד צו זיך איך בין.

נאָר, וואָס חלום'ט ביי נאַכט דערמאָנט,
רוישט מיר אין קאָפּ אַ שרעק ;
און וואָס אַמאָל אָן זיך פאַרגעס,
אַ נאָכוויי טוט מיך אַ וועק.

נאָר, ווער קען געדענקן אָן זיך ?
ווען יאָגט זיך אַרוים דעם דוך ;
פאַריאָגט לעבן מיינס און פאַרפּלאָגט !
רייסט זיך מיר אַרוים אַ פלוך ...

## חוזר׳ט זיך איבער

שוין וויפיל מאָל, חוזר׳ט זיך איבער,
שוין צענדליגער מאָל דאָס געוועבט ;
דאָך, הונדערטער מאָל, ווערט נאָך ליבער,
דאָס לעבן, וואָס וויטער באַלעבט.

דען, וויפיל אָפּהילכנדע קלאַנגען,
פון נעכטן אויף היינט זיך פאַרפלעכט ;
און וויפיל באַגערן, פאַרלאַנגן,
פון פריער אויף שפּעטער באַהעפט.

## אַ רואיקע שעה

נישט שטענדיק, וואַך איז מיין זין,
צו שטענדיק דען וואַך איך בין ?
וועקט זיך, וועקט זיך מיר פון שלאָף,
וועקט זיך מיין גייסט אין מיר אויף.

נאָר, וואָס מיר איז ליב און באַנג,
קומט נישט אַרויף אין געדאַנק ;
דער יאָך אַזש איבערן קאָפּ,
ברייננגט אַזש פון זינען אַראָפּ.

די נאַכט, נאָר פלאָנטערט אין טרוים,
אָט פאַלט און הייבט זיך אויף קוים ;
ווי נויטיקט, נויטיקט זיך רו,
מיין גייסט אַ רואיקע שעה.

## געבענשט

אַזוי פיל געזען,
אַזוי פיל געהערט ;
און וואָס איז געווען,
וואָס לויבן איז ווערט.

וואָס גרוי און וואָס טריב,
געוואָרן איז העל ;
און שענער און ליב,
געבענשט האָט מיין זעל.

דאָס שווערסטע, ווי שווער,
אויף גרינגסטן, ווי גרינג ;
געביטן זיך מער,
געמיינט איך ווער יונג.

ווי קינד זיך געשפּילט,
געזונגן, געטאַנצט ;
מיין האַרץ האָט געפילט,
ווי פריש, ערשט געפלאַנצט.

איך האָב זיך געפרייט,
בין ווידער אַ קינד ;
און גאַנצן באַנייט,
אַ טרוים זיך געשפּינט.

## מיטן פען אין האַנט

מיטן פען אין האַנט,
אויפן פאַפּיר בלאַנק ;
ניי, וואָס אויפן זין,
שמידט זיך אין געדאַנק.

פליסט מיין גייסט אין פען,
אויפן פאַפּיר העל ;
און די וועלט איז גרויס,
מיט מיין האַרץ און זעל.

שעפּט זיך, ווי אַ קוואַל,
קריסטאַל-קלאָר און ריין ;
און דאָס בלוט מיר פליסט,
פון מיין לעבענס-שיין.

גיסט זיך איבער, גיסט
און דער פלוס זיך מערט ;
נאָר, מיין פען אין האַנט,
ציטערט, וואָס זיך לערט ...

## אַלץ ניי

אַלץ ניי וויל איך הערן
וואָס שיין איז אויסטראַכטן ;
און ווייטער וויל קלערן,
אויפסניי בעאָבאַכטן.

וואָס מאָלט אין געדאַנקען
ווי שיין אויף אַ בלאַסן ;
און בליצן, וואָס בלאַנקען,
אויף ליכטיקע פאַסן.

אַלײן קומט מיר אין זינען,
דעם שײַן צו פֿאַרפֿלעכטן ;
וואָס שפּראָצט אויף באַגינען,
אַזוי זיך באַהעפֿטן.

בײַם דעמערונג גרויען,
נאָך טונקל פֿאַרבאָרגן ;
וואָס שײַנט אויף אין בלויען,
אין ליכטיקן מאָרגן.

## ענטוישט און באַרוישט

ענטוישט און באַרוישט,
וואו בלײַב איך אָפּט שטײן ?
שײַנט פֿאַרב אין געזיכט,
וואָס קנײַפּ אים פֿון פּײַן.

וואָס בײַט זיך די פֿאַרב
און גרינצעלט די הויט ?
און ווײַזט זיך אַ גלאַנץ,
וואָס בלוטיקט די נויט ?

וואָס ציטערט דער שײַן,
שוואַרץ-אַפּעל פֿון אויג ;
ווי שקלאַף פֿאַרן האַר,
גיט זיך אַ פֿאַרנויג.

צו דען שקלאַף בײַם דינסט,
דעם האַר ניט פֿאַרשעלט ?
ווי געצנדינסט איז,
אַ זינד פֿאַר דער וועלט ...

## וואָס נעכטן געטאָן

וואָס נעכטן געטאָן,
איז נאָך ניט פאַר היינט ;
נאָר היינט טו אויפסניי,
אַ נייער טאָג שיינט.

טרעפט היינט איז עס טריב,
און שווער איז דער פיין ;
נאָר איבער דער נאַכט,
קען מאָרגן זיין שיין.

טרעפט היינט איז ניט ווערט,
וואָס האָסט אָפגעשוינט ;
וואַרט איבער אַ טאָג,
טרעפט מאָרגן זיך לוינט.

## וואָס נעכטן געמיינט

וואָס נעכטן כ׳האָב געמיינט,
איך וואַרט נאָך מיט לאַנגווייל ;
און וואַרט אַזוי נאָך היינט,
ביז מאָרגן האָף דערווייל.

נאָכמאָרגן, נאָך אַ טאָג,
קען אויך אַזוי פאַרביי ;
נאָר מיטן לאַנגווייל טראָג,
אַ האָפערקייט אויפסניי ...

## רייסט זיך

אויף די נערוועז די צערשטרייעטע,
שטענדיק אומרו זיך באַוועגט ;
קלאַפּען האַמערס אין די שלעיפן,
און וואָס אַלץ מיין האַרץ ערעגט.

און מיין שלאָף, ווי שפּינוועבּס רייסט זיך,
יעדער ריר צעקראַכן ווערט ;
און מיין חלום רייסט זיך איבער,
ווי דאָס האַרץ, איז מיר באַשווערט.

## אַלץ מיט אַמאָל

אַלץ מיט אַמאָל וויל ער ווערן
און וואָס נאָר געהאַט אין זינען ;
וועט מיט אַמאָל זיך פאַרצערן,
ביסלעכווייז; וואָס זיך געשפּינען.

אַלדעם גייסטיקע פאַרמעגן,
גוף און נשמה צוזאַמען ;
אַלץ מיט אַמאָל וויל ער פרעגן,
איילט זיך, ווי ניט צו פאַרזאַמען.

ווייט, וואו דער שטראָם וועט פאַרפליסן,
איידער דער תהום וועט פאַרשלינגן ;
אַלץ מיט אַמאָל וויל ער וויסן,
ביסקל דער קלאַנג וועט פאַרקלינגן.

## טומאַנען

דער טאָג, אַ נעפּל גרויער,
נישטאָ, וואָס צו זעען;
נאָר, הינטער נעפּל־שלייער,
לויטער זונען גייען.

דער טאָג, אַ נעפּל גרויער,
קוקט מיר אויס אַן אַלטער;
נאָר פאַרבט זיך בלוי און בלויער,
שיינט ער יונג און לויטער.

פאַרצויגענע טומאַנען,
טרעפן זיך באַגינען;
און לייטערן זיך ביז וואַנען,
ווי אַמאָל אין זינען.

## אויבן אויף

דאָס קול אין קעל פאַרקלינגט,
דער טראָט אין טריט פאַרגייט;
און וואָס ניט איז פאַרזינקט
און וואָס ניט איז פאַרווייעט.

און יעדעס ליכט און שיין,
וואָס צו שפּיין־טורם גרייכט;
נאָר אויבן אויף באַשיינט,
אין הינטער־גרונט זיך בלייכט.

און יעדער דונער־קראַך,
וואָס סיי מיט שטורם קומט;
נאָר אויבן אויף ער רעש'ט,
אין הינטער־גרונט פאַרשטומט.

## געליימט

געליימט, נישט צו רירן,
צו וואָס זיך איצט נעמען;
און שטילער געפּליסטער,
וואָס בעטן ביי ווענען?

פאַרקלעמט, נישט צו רירן,
נאָך מיזאַמער-מיען;
אַריבער צוקאָפּנס,
די נויט טויט פאַרציען.

נאָר אַנגסטן אַרוים שלאָגן,
אין מיטן פאַרשמאַכן;
ווער וויל לייב און לעבן,
מיט שפּילקעס פאַרשטעכן?

## דערמאָן מיר ניט

דערמאָן מיר בעסער גאָר ניט
און ערגער ניט מיין געמיט;
דאָך, טריב גייט איבער מיין בליק,
וואָס ברייגנגט מיין אומעט צוריק.

נאָר שטיל, שטיל שווייגן איז שווער,
וואָס ווערט איך שווערער מיין טרער;
גאַר איך דאָס גרינגערע, גאַר,
ווערט שוין איך גרינגער דערפאַר.

נו, רייד זשע ליבערשט פון פרייד.
ס'פאַרגאַנגענע, ווען איז לייד?
נאָר, היינט, ווער פייניקט און שטראָפט?
דאָך, איך דער געגנוואַרט האָפט ...

## פרעגט ניט איבער

וואו איך בין ניטאָ,
פעלט מיר אויס דאָס אָרט ;
און וואו זיך געפין,
וואָס פעלט דאָ, איז דאָרט,
איז עס ערגעצוואו ?
ציט אַהער, אַהין.

וויפיל מאָל דעם וועג,
אויסגעטראָטן לאַנג,
האָט געבראַכט קיין פרייד —
נאָר, אויפסניי איז באַנג,
פרעג ניט איבער, פרעג,
וואָס די ערד זיך דרייט ?

## וואָס איך זוך

וואָס איך זוך, איז נישטאָ
און אפשר איז עס וואו ?
ווער אין שליאַך, פריער שלייכט,
דעם דאָס גליק, פריער גרייכט ;
ווער, דאָס גליק שפּעטער זוכט,
פאַרבלאָנדזשעט זיך, פאַרקריכט.

וואָס איך זוך, איז עס וואו
און אפשר איז עס דאָ ?
וואָס אין טריט זיך פאַרשאַרט ;
און דאָס גליק פאַר מיר האַרט,
איפּן וועג ווייט און ברייט,
ליגט דאָס גליק אויסגעשפּרייט.

## יאָ — ניין —

יאָ - יאָ! ניין - ניין!
וואָס מיך באַלוינט,
איך בין געוואוינט —
נאָר, ווער זיך טרייסט,
אַליין — אַליין —
דעם שטאַרקט דער גייסט.

יאָ - יאָ! ניין - ניין!
דאָך ווערט די קראַפט,
מער דויערהאַפט;
ווער איבער לעבט,
דעם צווייפעל, פיין —
דער פרייד ערשט וועבט.

יאָ - יאָ! ניין - ניין!
איז בלויז אין לייד,
אַן אונטערשייד;
פאַרשלינגט די ערד,
פון גרויס און קליין,
אַלץ איינס דעם ווערט ...

## דער "ראָבער־פּלענט"

דער ברייט-בלעטערדיקער פלאַנץ,
האָט אין פרילינג זיך צערבליט ;
איז אים קליין, דער בלומען-טאָפּ געווען,
האָט ער אַ בלעטערדיקער צווייג,
צום וואַנט צוגעשפּאַרט,
ווי אַ האַנט צום פענסטער געשטרעקט —
איז אים אַזוי ענג געוואָרן אַרום דער שטוב,
האָט ער אין הייך זיך צערוואַקסן ביזן סופיט ;
און זיך אויסגעבויגן מיטן שפּיץ,
איבער דער סטעליע —
ס'איז ביים ברייט-בלעטערדיקן פלאַנץ
פרילינג געווען ;
און מיין צימער, איז אים ענג געווען —
איז אָבער שווער געווען זיך צו שיידן מיט אים,
האָט מיין ווערטיקע פרוי, דעם ראָבער-פלענט,
זיין שפּיץ-בוים אונטערגעשניטן ;
האָט זיין ווייסע מילך-בלוט,
ווי פון זיינע מילך-ברוסטן,
וואָס האָבן זיינע בלעטער גענערט,
געטריפט און געטריפט פון זיין וואונד,
פון זיין אָפּגעהאַקטן פרילינג — —
האָט אָנגעהויבן וועלקן, וועלקן דער ראָבער-פלענט ;
און צום סוף איז אים אַרויס געשטעלט —

קלאָגט, קלאָגט, ווי דער האַרבסט-ווינט,
דער ברייט-בלעטערדיקער פלאַנץ,
אויף זיין פרי-צייטיקן וויאַנען ;
און וואָס אַמאָל אַ בלאַט ווינציקער ווערט —
ציטערט ס׳האַרץ — אוי, דער האַרבסט שרעקט :
כ׳וועלק, וועלק, ווי דער ראָבער-פלענט ...

## אָפרו־געמיטהער

עס האָט דער איטער פון זיין אָטעם געשמעקט,
ערשט פריש פון כירורג, וואָס האָט זיין וואונד געשניטן —
האָט דער קראַנקער נאָכן שלאָפגעטראַנק,
די אויגן אויפגעמאַכט און צוריק פאַרמאַכט ;
און אין האַלבע אָפגעהאַקטע ווערטער אַרויסגעקרעכצט :
אין שפּיטאָל — מיין אָפרו !
האָבן זיך דעם קראַנקנ׳ס שלאַבריקע גלידער,
ביז אונטערן רוקן ווי אויף שפּענדלעך געבראָכן ;
און קראַמפּהאַפּט זיינע ווייטאָקן אַנגעצונדן,
האָט ער זיך פיבערדיק געוואָרפן
און מיט די פינגער-נעגעל זיך געגראָבן,
ביז די באַנדאַזשן לויז געריסן —
האָט די קראַנקן-שוועסטער מיט דראָנג זיינע הענט געבונדן ;
און מיט שטעכנדיקע נידלן זיינע יסורים איינגעשפּריצט,
און פאַרשלעפערט — —
נאָר, אַנגסטן האָבן פון קראַנקן אַרויס געשלאָגן :
אין שפּיטאָל — מיין אָפרו !

## אין שפּיטאָל

ליוואַנט ווייס-געבעטע, ווייסע שפּיטאָל-בעטלעך,
ליגן אויפגעבעטע די קראַנקע, באַנדאַזשירט, געבונדן;
און אַ מענכע בעטלעך — קברים׳לעך אויסדאַכטן,
הייבן זיך אויף מיטן קרעכצן פון דעם קראַנקנ׳ס וואונדן.

שמייען טאָג און נאַכט אַרום די קראַנקן-שוועסטער,
האָרכן אויף דעם פּולס-שלאַג פון די קראַנקע און פאַרשרייבן;
ריידן קראַנקע פון היץ, וואָס דען ניט דערציילן?
ווען דער פיבער אין גאַליאָפּ, ער נעמט די היץ אָנטרייבן.

ווייסע שפּיטאָל-בעטלעך, אויפגעבעטע מיט קראַנקע
און די קראַנקן-שוועסטער, ווי די שמעטערלונגן שוועבן;
און דעם כירורג׳ס מעסער שניידט פון לייב די וואונדן —
און פאַרנייט די שניטן, ביז פאַרריכט דעם קראַנקנ׳ס לעבן ...

## כ׳בין שוין שעה׳ן

כ׳בין שוין שעה׳ן טויט געווען,
ס׳לייב געווען צעשניטן פריש;
כ׳האָב מיין וואונד גאָר ניט געשפּירט,
אויפן אָפּעראַציאָנס-טיש.

ס׳האָט מיין האַרץ גאָר ניט געפילט,
וואו דעם כירורג׳ס מעסער שניידט;
כ׳בין געווען טויט איינגעשלעפט,
ביז ער האָט מיין וואונד פאַרנייט.

כ׳האָב שוין גאָר, דעם טויט קיין פאָרכט
און פאַר חבוט-הקבר — ניין!
ווען אין גאַנצן וועל זיין טויט,
וועל ניט פילן קיין שום פּיין ...

## די קראַנקן־שוועסטער

אַז קיין בלומען דופטן נישט,
וואו אַן אָרעם קראַנקער ליגט ;
קום מיין קראַנקן-שוועסטער צו,
ביסט אַ בלום, וואָס מיך דערקוויקט.

אַז די פיס מיך טראָגן נישט,
אַן דאָס האַרץ מיר רוט ניט איין ;
פיר מיך קראַנקן-שוועסטער צו,
ווי אַ מאַמע לערנט קינד גיין.

אַז קיין דאָקטאָר זע איך נישט,
וואָס זאָל היילן אוים מיין וואונד ;
קום מיין קראַנקן-שוועסטער צו,
ביסט אַ היילונג צום געזונד.

## ווען קראַנק בין געלעגן

ווען קראַנק בין געלעגן צום שטאַרבן,
עס האָבן "געיאַוויעט" זיך פריינט ;
כ'האָב פאַרן געזונד זיך געשראָקן :
צו קומט נישט דער קברות-מאַן היינט ?

נאָכדעם, איז מיר בעסער געוואָרן,
עס איז נישט געקומען קיין הונד —
אוי, גאָטעניו, כ'דאַנק דיר און לויב דיר !
אַפּי, ס'זאָל מיר זיין צום געזונד ...

# ס'האָט אַ שטראָם

ס'האָט אַ שטראָם,
כלאָראָפאָרם,
דעם אָטעם פאַרכאַפּט ;
און האַלדז און קעל,
אין געשטאַנק זיך געשטיקט.

אונטערן גערוך פון איטער,
האָט זיך דער אָטעם פאַרלוירן ;
האָט זיך ס'האַרץ אַ צאַפּעל געטאָן.
די וועלט האָט פאַרן אויג,
אַ שווינדל געטאָן
אין אַ מינוט —

האַלב באַוואוסטלאָז —
האָט זיך די שטים אָפּגעהאַקט,
שלעף זיך איין,
אָט האָסטו דיר דיין שלאָפּגעטראַנק —
האָט זיך ס'לעבן אַ וויג געטאָן,
אין אַ סעקונדע —

לעצטער קרעכץ,
האָט זיך אין האַלדז געריסן :
מיין ל - ע - ב - ן !
מיין וו - ע - ל - ט !
ס'ל - ע - צ - ט - ע — ל - י - ד !
ביז מיטן קרעכץ אינאיינעם פאַרשטומט,
אויפן אָפּעראַציאָנס-טיש.

# אָן באַזוכער

טעג און נעכט אָן באַזוכער,
איינזאַמט ס'האַרץ אַליין —
בּיינקט זיך אַזוי;
קלאַפּט ווער אין טיר,
נאַר, דעם "לענדלאָרד'ס"-בּאַזוך,
וואָס אַרט אים צום מאָל?
קומט נאַר "רענט" מאָנען —
כ'הער אין שטוב דער דלות קרעכצט:
וואָס קען איך אים געבּן?

טרעפּ, בּיי טרעפּ,
כ'שלעפּ זיך די שטיגן אַראָפּ,
די גאַס אָנקוקן —
דער ווינט ווייעט פרישן אָטעם,
ס'פּנים קריגט פאַרבּ,
ס'האַרץ קלאַפּט שטאַרקער,
די בּרוסט הייבּט זיך העכער,
אויף אַלע זייטן ערגעגט מיין אומרו:
צום ווידער זען, די גאַס באַגריסן.

טריט, בּיי טריט,
כ'גיי זיך דורך,
כ'זוך וועם,
וואַקסט מיין נייגיער,
וועמען האָבּ איך אויסגעפעלט?
נאַר, ווער ווייס?
אפשר, וואָס דערטראָגט זיך אַהער,
פאַרע בּיינקנדיקע פרייד,
פאַר אַ ניי-ליד ...

* *
*

אינם קריינקליכן שלאָף,
וואָסער חלום איך הער;
און דער חלום איז שווער,
קום איך אַלעמאָל אויף.

נאַר, וואָס טרויען דערויף,
וואָס זיך חלום'ט אין לייד?
און דעם חלום'ס באַשייד,
לאָז איך איבער צום סוף...

## אויסבעסערונג

איך וואַרט אָף אַ געזונד-בעסערונג
און ס'קומט ניט;
וועל איך דערווייל אויסבעסערן,
מיין ליד —
קאַלטע, רעגנדיקע נעכט און טעג,
פוילן אין מיינע ביינער;
לאָזן פון בעט ניט אויפשטיין!
און מיין ליד נישט פאַרענדיק.

ס'וועט אָבער קומען אַ טאָג,
אַ וואַרעמער, אַ לאַשטשנדיקער;
כ'וואוין נאָענט צום הימל,
אַ פּאָר טרעפּען אַרויף צו גיין;
און דער הויכער דאַך פאַרשטעלט,
פאַר יעדן פרעמד אויג,
כ'וועל מיין לייב ענטבלויזן פאַר דער זון,
נעמען אַ זון-באָד —
און מיין וואונד מיט שטראַלן היילן,
ביזן גאַנצן געזונד,
זינגען אַ מונטערער מיין ליד.

# אין שפּיטאָל

אינם שפּיטאָל צווישן קראַנקע,
יעדעס בעטעל איך געדענק ;
יעדעס בעטעל האָט איר קראַנקן,
יעדער קראַנקער, האָט זיין קרענק.

קומט מיין ליבע קראַנקן-שוועסטער,
ווי אַ מאַמע קומט זי אָן ;
נאָר, מיין טייערע שטעכט מיט נידלן,
דאָך, זי מיינט קיין שלעכטס צו טאָן.

נעמט זי באַלד, מיין פּולס-שלאַג ציילן
און פאַרשרייבט מיין דפק-קלאַפּ ;
קלאַפּט מיין שוואַכעס האַרץ שוין שטאַרקער,
גרינג, ווי ווינט, דעם אָטעם כאַפּ.

שמירט מיך אויס, מיין קראַנקן-שוועסטער,
מיט די פינגער ווייך און צאַרט ;
און איר שמייכל לאָקט דער פרילינג,
ס'האַרץ אַזוי נאָך פרילינג גאַרט.

נאָר, די נעכט אַזוינע לאַנגע
און די אויגן אָן אַ שלאָף ;
און דער זייגער שלאָגט זיין אומרו,
טיק און טיק און הערט נישט אויף.

בעט איך וואַטע פאַר די אויערן
און פאַרשטאָפּ מיר דאָס געהער ;
נאָר ווי שטיל, איך הער אַ קרעכצן,
שטילער נאָך מיין זיפץ איך הער.

בין איך אויף פאַרטאָג דער ערשטער,
ליג איך אויף פון שפּעטער נאַכט ;
וואַשט מיך פריש מיין קראַנקן־שוועסטער,
איבער אַלע קראַנקע וואַכט.

לעבן מיר ביים קראַנקן שכן,
ווי פאַרהילט מיט אַ פאָרהאַנג ;
רום־געשטעלט אַ שפּאַניש ווענטעל —
און אַ ריח פון שלאָף־געטראַנק.

וועקט פון שלאָף אים קראַנקן־שוועסטער,
ביז די אויגן אויפגעמאַכט ;
ברעכט ער אויס דעם כלאָראָפאָרם,
ווי פון טויטן בעט ערוואַכט.

און דער קראַנקער קעגן איבער,
אַ פאַרברענטער שוואַרץ, ווי קויל ;
לינדערט אים די קראַנקן־שוועסטער,
נעצט די ליפּן אים און מויל.

בּרענט דער קראַנקער אין אַ פיבער,
בּעט זיך, בּעט זיך אויפן טויט ;
בּעט שוין אַנדערש קראַנקן-שוועסטער,
אַלדעם שלעכטס אויף גוטס פאַרבּייט.

און אַ פערטער ליגט אַ קריפּל,
וואָס בּאַקלאָגט זיך זיין שיקזאַל ;
האָט געוואָלט זיך נעמען ס׳לעבּן,
האָט אים ניט געגליקט זיין פאַל.

טרייסט אים אויך די קראַנקן-שוועסטער,
רעדט אַזעלכע ליבּע רייד :
יעדעס גוטע האַרץ פון מענטשן,
איז אַ שאָד, וואָס זיך צעשיידט.

אויפן ענגעל בּעט אַ פונפטער,
האַלט די פיס אַרויף אַ שטאַנג ;
גוט איז אים אַזוי צו ליגן,
דאַרפט קיין קאָליעס פאַר זיין גאַנג.

לאַכט צו אים די קראַנקן-שוועסטער,
וועסט נישט דאַרפן לאָמען מער ;
רויטלט זיך דעם קראַנקנ׳ס-פנים,
ציטערט אין זיין אויג אַ טרער.

און שוואַרץ־הויטיקער דער זעקסטער,
ווי געפּאַלמעסט איז זיין לייב;
יעדער דאָקטאָר שטעלט אַ דיאַגנאָז,
וואָס אים דאַכט, ר'גיט אַ פאַרשרייב...

איז ער קראַנק אויף הונדערט קריינקן
און קיין איינע זיך פאַרהיילט;
גיט שוין אַכטונג קראַנקן־שוועסטער,
לעבט פון וואונדער — זי דערציילט.

און "דייביטיקער" דער זיבעטער,
שרייט נאָר הונגעריג איך בין;
און פאַר יעדן, יעדן מאָל־צייט,
שפּריצט ער איין זיך "אינסאָלין".

וואַרעמט ער די פיס, די קאַלטע,
מיט דער עלעקטרישע־ליכט;
נאָר, צוקאָפּנס קראַנקן־שוועסטער,
וואַרעמט אים מיט זון ס'געזיכט.

און אין קראַנקן־בעט דער אַכטער,
שפּילט אַ דודקע פאַר זיין וואונד;
וויל ער קראַנקע מאַכן שפּאַסן,
זאָלן לאַכן צום געזונד.

פרייט זיך מיט אים קראַנקן-שוועסטער,
נאָך זיין קריינק אַ יעדן מאָל ;
שטייט ער אויף, ווי תחית-המתים,
מאַכט ער היימליך אין שפּיטאָל.

אויף אַ זייטיק- בעט, דער נייַנטער,
אויפגעבלאָזן ווי ער איז ;
קרעכצט אַ שטימע, ווי פון קבר,
ליגט אים ס'קבר פאַר די פיס.

נאָר, אויף פּנים און קינבאַקן,
שאַרט זיך רויט און ראָז-פיאָלעט ;
זאָל זיך מאָלן שענער דאַכטונג,
גאָר אַנאַנדער בילד זיך זעט.

און פון קראַנקן-בעט דער צענטער,
גייט פון בעט אַראָפּ אַליין ;
וויל ער יעדן שוין אויפריכטן,
מיט זיין פרייד אַהיים צו גיין.

גיט ער איבער אַלע קראַנקע,
יעדן זיין געזעגענונג פרייד ;
שוין פון דאָקטאָר אויסגעשריבן —
קראַנקן-שוועסטער אים באַגלייט.

וויטער שטייען קראַנקן־בעטלעך
און אויך ליידיקע אַמאָל;
ברייִנגען אַמבולאַנסן, נייע,
פרישע קראַנקע אין שפּיטאָל.

קומען קרובים צו די קראַנקע,
וואַרטן אויף וויזיטן־שעה;
האָבן קראַנקע צו דערציילן:
וואָסער דאָקטאָר האָרכט זיי צו.

זע איך זעלטן ברייִנגט ווער בלומען,
וואו אַן אָרעם קראַנקער ליגט;
און אַ בייִנקענד־האַרץ, אַ קראַנקעם,
אויך אַ בלומל עס דערקוויקט.

קלינגט דער וויזיט־שעה אַריבער,
וואו אַ קרייִנקלעך פּנים טריב;
גלעט שוין איבער קראַנקן־שוועסטער,
מיט איר מילדקייט אַזוי ליב.

אינם שפּיטאָל צווישן קראַנקע,
כ'הער מיין שוואַכן דפק־קלאַפּ;
נאָר, דאָ ווערט פאַרריכט דאָס לעבן —
ווי מאַשינען אין אַ שאַפּ ...

## ראַסן קאָליערן

דער ווייסער רעדט אויפן שוואַרצן,
רעדט שוואַרצער אויס אויפן רויטן ;
און ברוינער רעדט אויפן געלן,
רעדט געלער אויף אַנדערע הויטן.

אַזוי בייט זיך אָפּט דער קאָליער,
ביז מישן זיך אויס די פאַרבן ;
נאָר, קיינער רעדט אויף אַ טויטן,
ווען אַלע קאָליערן אָפּשטאַרבן ...

## נאָכלויפערס

נאָכלויפערס, נאָך פאַלשע אידייען,
פאָלגן נאָך די ערשטע רייען ;
און דער פאַלשער אידייען-טרעגער,
וואַרפט זיך, ווי אַ הונטן-שלעגער,
טוט יעדן איינעם איבער שרייען ...

ווי מיט מאַכט-זוכט, האַלט אַן אויג דער פירער,
אויף די פאַרפירטע — און פענקנעכט שמירער,
טראַכטן אויס וואונדער, וויפיל גלויבן ?
ווערט דער ליגנט אַזוי דערהויבן,
ווי די וועלט צו איינאיינציקן רעגירער ...

פאַסט זיך צום ליגנט וואָסער צילן
און די אידייע שיין פאַרהילן —
נאָר, לויט דער גרויס פונם ביסן,
בייסט אַריינעט אין געוויסן —
ווי ס'לוינט דעם מאַכט-האָבער'ס בייזער ווילן ...

## אויבן אָן

אויבן אָן ביי דער טיר ;
איז ניט ענג אַרום מיר ;
נאַר, ווער שטופּט זיך נאָכאַנאַנד,
אויבן אָן צום מזרח-וואַנט ?

איז געררוים ביי דער טיר,
טומלט נישט הינטער מיר ;
נאַר, ווער קלימפּערט אויבן אָן,
ווער צערגלעקלט זיך דעם טאָן. ?

איז מיר ליב ביי דער טיר,
גלייך בין, מיט פרעמדן מיר ;
פּאַסט צום רימל, ווי אַ גאַסט,
ניט געשטופּט זיך, וואו ניט פּאַסט ...

## אבן טוב

קעניגער מיט די קרוינען,
מיליאָנערן מיטן גאָלד ;
גייסטליכע מיט די געטער,
איך האָב אייך אַלעמען האָלד.

איר זייט כמעט, ווי ברידער,
צווישן זיך, ווי גענאָסן ;
איך וואָלט קיין האָר אייך קרומען,
ווי אַן אבן-טוב פאַרשלאָסן.

# אַלטע מאַנוסקריפּטן

מיינע אַלטע מאַנוסקריפּטן,
פון שוין לאַנג פאַרגאַנגענע טעג ;
טו אַמאָל זיי איבערלייענען,
ווי פאַראירט געווען אין וועג.

כ'האָב אַמאָל, אַמאָל געבלאָנדזשעט,
ביז אין מיטן שפּעטער-נאַכט ;
נאָר, איין פעלן-טריט געגעבן —
און שיער ניט זיך אומגעבראַכט.

ווי אַ בליץ פאַרביי געפלויגן,
איז אַן "אָטאָ" פאַר מיין שיין ;
און מיין פוס פאַרשטעקט אין טונעל —
ווער וויים, וואוהין וואָלט מיין געביין ?

וואָלט דאָך גרינג געווען אויסמיידן,
יענעם שרעק און טויט-געפאַר ;
ווען איך שעם זיך ניט צו פרעגן —
און נישט בלאָנדזשען, ווי אַ נאַר.

אויך די אַלטע מאַנוסקריפּטן,
אָט די פעלערן דערקען ;
גוט, צום אויוון צו פאַרהייצן —
און זייער נאַרעשקייט פאַרברען.

## דער מחבר

ס׳האָט געפינען אַן המצאה,
דער מחבר פאַר זיין ווערק ;
ווי דער הענדלער זוכט רעקלאַמע,
פאַר זיין סחורה אויף די מערק.

ווער, דעם מחבר׳ס ווערק וועט קויפן,
קריגט שוין אויך זיין אונטערשריפט ;
און די מעשות, וואָס צו לייענען,
מילך און האָנעק פון זיי טריפט.

און זיין נאָמען איז אַ גרויסער,
ווי צען נעמען וואָלט געהאַט ;
און זיין האַנטשריפט איז אַ פערל,
אויפן ערשטן פאָדער-בלאַט.

## דאָס בלאַט

ביי נאַכט, וואָס אין חלום פאַרשריבן,
אַ ליידיקער בלאַט איז געבליבן ;
דער חלום ער האָט זיך פאַרצויגן,
ביז כ׳האָב אויפגעעפנט די אויגן.

געזוכט כ׳האָב דאָס בלאַט גאָר באַגינען,
קיין צייכן פון פען ניט געפינען ;
וואָס אָבער, איז איבער געבליבן ?
דאָס בלאַט האָב איך איבער געשריבן.

## אַ שניי־מאָטאָ

איך בין אַ בלימל, ווען איך פאַל,
אַ דימאַנטעל, ווען כ'זע אַ שטראַל;
ווי וויים-געוואַנט, כ'זע אוים אין פעלד,
אין פרילינג שטאַרב איך אָפּ מיין וועלט.

## וויזיונעס פאַר מענכע זעהערס

ס'האָבן בוימער זיך געוויגט,
אויף ביידע זייטן וועגן;
האָט דער ווינט זיי געהוידעט
און געטאַנצט אים אַנטקעגן.

ס'האָט אַן עראָפּלאַן געשוועבט,
האָט זיך אים געדאַכטן;
ר'האָט מלאָכים אין הייך,
נאָך געזען אייער-נעכטן.

ס'האָט שוואַרץ קוימען-קערער געטאָן,
סאַדזשעם אויסקערן;
האָט אַ מיראַזש אים געבלענט,
פון שניי-ווייסע בערן.

ס'האָט אַ נאַר זיך צעהאָפּקעט,
ס'גלעקעל זיך צעקלינגען;
האָט אַ וויזיע ער געזען,
ס'זעאונג זיך צעזונגען.

# די אָרעמע ביבליאָטעק

די אָרעמע ביבליאָטעק,
דער ביבליאָטעקער היט ;
דעם קאַטאַלאָג צום מאָל,
קיין לייענער פרעגט זיך נים.

די פּאָליצעס אָנגעלייגט,
מיט ביכער ביז ארויף ;
דאָס לעזע-צימער שטיל,
עס כאַפּט קיין פליג זיך אויף.

דער ביבליאָטעקער היט,
און דרימלט, דרימלט איין ;
פון חלום זיך ער וועקט,
אים דאַכט, ס'קומט ווער צו גיין.

ער כאַפּט זיך אויף ערשטוינט,
די ביבליאָטעק איז אוים ;
מען שפּילט אויף טיש און בענק,
ווי אין אַ קאָרטן-הויז ...

## זיבן וואונדער

יעדעס קינד, האָט זיך זיין שפּראַך,
אַלין איז וואונדער, וואָס עס זעט ;
און פון וואונדער נאָכדערציילט,
יעדע מאַמע, וואָס קינד רעדט.

הער איך וואונדער גאָר אַסך,
וואו ניט וואו אַ וואונדער קינד ;
און אַ צווילינג איז דאָך גאָר,
ווער ס׳געבירט פריש און געזונד.

וואַקסן וואונדער אויף דער וועלט,
יעדע מאַמע בענשט איר צאָל ;
טאַקע וואונדער ווער ס׳געבירט,
פיער צו פינף מיט אַמאָל.

זיבן וואונדער נאָך פאַראַן,
יעדער זוכט דאָס גליק דערפאַר ;
און מיין ליבלינג איז דאָך גאָר,
זאָגט, די וועלט איז וואונדערבאַר.

## דער שיין וואָס איז

דער ערשטער שיין וואָס איז ?
זאָגט ער — גאָלד און זילבער —
זאָג איך — דער שיין איז זי,
פון בריליאַנט דער צויבער.

דער צווייטער שיין וואָס איז ?
זאָגט ער אַלץ די קלינגער —
זאָגט זי — דער שיין בין איך —
לעב איך אויף גאָר יונגער.

דער דריטער שיין וואָס איז ?
ווייטער נאָך, וואָס קלינגן ?
נאָר, דאָס דערמאָנט מיין ליד,
וועם געפעלט צו זינגן ?

## קינד און גרייז

דאָס קינד, וואָס איז נאָך קליין,
אים וואַקסן שוין די ציין ;
און פאַלן אויסן מויל,
ווי דעם גרייז — יאַסלעם הויל.

דאָך, גוט איז פאַלשע ציין,
וואָס מאַכט דעם גרייז אויך שיין ;
נאָר, פאַלשעם קריגסט באַשטעלט —
און עכטעם וואַקסט אין וועלט ...

## דריידלעך

וואָס דרייט זיך אַצונדער,
איז טאַקע אַוואונדער;
מיט דריידלעך פאַרזיכער,
פון ווינט דריי אַ וויכער;
קענסט זאַמדן אויסדרעשן
און בליצן פאַרלעשן;
און וואָלקנס אָנצינדן,
דער ים זאָל פאַרשווינדן —
און פאַסט דיר צום רימל,
נו, גלאָצט דיר צום הימל;
מיט דריידלעך פאַרדרייען
און אויפן קאָפּ גייען;
מיט "קוניץ" זיך פאַרשטעלן,
אַבי צו געפעלן ...

## מיל - ראָד און זעג

אַ מיל-ראָד, צעמאָלט נישט בלויז מעל,
צעמאָלט אויך די רייד אין דער קעל;
וואָס איבעריג אין מויל אַריין לייג,
דאָס קלעפּט זיך צום צונג, ווי אַ טייג.

אַ זעג, צעזעגט נישט, בלויז אַ ברעט,
צעזעגט אויך, ווער, ניין-מאָס-רייד — רעדט;
אַ הייזעריק-קול, גיט אַ כריפּ,
אַ טעמפּיקע זעג, גיט אַ סקריפּ ...

## חשבונות

וואַכנדיקע רעיונות,
דאַגות און חשבונות,
חשבון איך און כפל
און ביים חלוק צווייפעל,
לאָז איך אויס ס'פאַרדינסט —
רעכן איך אומזינסט.

וואַכנדיקע רעיונות,
ציפערן — חשבונות,
חסור פונם חבור,
וויפיל בלייבט מיר איבער,
וואָס אויף דער וואָג-שאָל ?
בלייבט שוין מיר אַ נול ...

## נישט מזל'דיק

נישט מזל'דיק גייט זיך צוריק —
ווער גלויבט אין כשופדיק-גליק ?
און טרעפט דעם מזל שיינט אויף,
וואַרפט ער דעם שלים-מזל פאַרוואָרף ...

און וועגט בלויז, דעם מזל אַ קווינט,
באַלד דינט, דער שלים-מזל, אים דינט ;
נאָר, דרייט זיך דעם'ס מזל צוריק,
טרעפט אויך דעם שלים-מזל אַ גליק ...

## און אַזוי

ביז די ליפּען ווינקלען ברייט,
מיטן צונג אַזוי געשייט ;
אַט אַזוי די רייד פאַרשפּעט
און אַזוי די רייד פאַרגלעט.

ביז אַ ליגנט אויסגעבייט
און אין כיכן זיך פאַרדרייט ;
אפשר פּאַסט אייך ניט מיין גוף ?
רוף מיך צווישן מענטשן רוף.

ביז אַזוי, אָ און ווי ווייט,
ווייזט זיין פּרצוף וואו ער גייט ;
און אַזוי אָ, דעם בעל-גוף !
רוף אים צווישן מענטשן רוף ...

## ווער טוט ניט פאַרגינען

ווער קען זיך דאָס גליק ניט פאַרגינען,
עס שפּילט זיך דאָס גליק אין דערינען ;

דער לאָמער, דעם וועג וויל פאַרלויפן,
דער בלינדער, די שיין וויל פאַרקויפן ;

דער טויבער, וויל יעדן פאַרהערן,
דער נאַר, ער וויל אַלע אויפקלערן —

עס שפּילט זיך דאָס גליק אויף די וועגן,
אַט טרעפסט אַ דבר-אחר אַנטקעגן

און רייבט זיך אָן פּלויט — איינצוליגן ;
און כרוקעט, ס'געשמאַק זיינס וויל צייגן ...

# אַלטוואַרג

I

פון אויסגעהאָרעוועטן לעבן,
געבליבן זיינען קנאָכן ;
דער אויסגעקרומטער רוקן,
קוקט אויס, ווי האַלב צעבראָכן.

אַ פּנים הויט-געגרינצלט,
אין מיטן יאַסלעס קייען ;
אַ שוואַכע שטים זיך הערט קוים,
אויס הוילן פּאַס אויסשרייען.

עס ציטערט מיט הענט און פיס,
וואָס הויל איז דאָרט געבליבן ;
ווי אויסגעטראָגן אַלטוואַרג,
אין שמאַטעס ווערט צערריבן.

II

מיטן גומען, מיט די ליפּען,
מיט די יאַסלעס, קעל און שלונג ;
יעדעס וואָרט, וואָס פּרואווט צעקייען,
בלייבט אים קלעפּן אויף שפּיץ צונג.

מיט די אויגן מיט די אויערן,
מיט אַ פינגער, מיט אַ האַנט ;
שאָקלט צו די נאָז און גאָמבע,
רעדט צו זיך און צו דער וואַנט.

מיט די וויהעס, מיט די ברעמען,
אַלץ, וואָס הענגט שוין אויף אַ האָר ;
און פאַרקנייטשט שוין מיף דעם שטערן,
ביים זכרון שוין ניט קלאָר.

# ריוועל — דריוועל

האָסט נישט, וואָס צו טאָן ריוועל ?
שטיקלעך באַוועל דריוועל ;
און שרייב צו גאָט אַ בריוועל.

הייב נאָר אָן מיט אַ טיטעל,
יחוס זיך כאָטש פון קיטעל ;
און ווי פרום דו ביסט אין היטעל.

שרייב אַ געוואַלד פון אונטן,
ליגסט קלאַפּטער טיף-אָפּגרונטן ;
און ס'נאָכגעבעט גיב הינטן.

בלייבט איבער אַ רעשט ליידיק,
שרייב זשע פון גאַנצן פאָרנדיק,
ווער ס'פּאַשעט זיך דעם פריידיק.

און ביסטו פאַרטיק ריוועל,
שטיקלעך באַוועל דריוועל ;
און שרייב זשע נאָך אַ בריוועל.

## אומפּראָוויזאַציע

די פּאָפּוגאַי פּלאַפּעלט אַלץ נאָך,
דער פּאַיאַץ, ער קרומט זיך אַלץ נאָך;
די קאַץ שפּילט אַ קאַץ־מוזיק נאָך,
דער בער מיט די לאַפּעס טאַנצט נאָך.

עס טוט נאָך אַ קונציקע האַנט,
וואָס דער טוט פאַרדרייט צו דער וואַנט;
און שפּילט ווער דאָס אַלץ מיטאַנאַנד,
ווערט ווייט זיין באַגאַבקייט באַקאַנט.

און זעצט זיך דאָס פּובליקום ברייט,
נעמט טיאַכקן דאָס האַרץ ביי די לייט;
אָט הייבט זיך די פאָרהאַנג באַשייד,
ווי פון הינטער דער בינע דאָס קלייד.

לויבט יעדער און רימט דאָס שפּילעריי,
פון פּאַיאַצטווע און פּלאַפּלעריי;
באַלד הילכט אָפּ אַ בראַוואָ פּאַטשעריי,
פאַר אומפּראָוויזאַטאָר׳ס שטות׳עריי ...

# דער וויכער

ווער זאָל זיך דאָס ריכטן,
וואָס קען אַלץ פּאַסירן ;
די הייליקסטע פליכטן,
די אַכטונג פאַרלירן.

פאַרזיכטיקע היטן,
ביז טוען אויפבויען ;
קען פעלן צום גוטן,
די אַכטונג צו טרויען.

דעם וויכער פּרואוו עפן,
פאַר טיפע אָפּגרונטן ;
אַ וואונדער קען טרעפן,
וואָס בלאָזן די ווינטן ?

אַ קורזש איז געפלויגן,
פון אונטן ביז אויבן ;
פאַרהיט נאָר די אויגן,
פאַר אַלערליי שטויבן ...

## דאָרן און רויז

וואָס גוט איז און וואָס שיין,
דאָס וואַקסט אַרויס אַ רויז ;
וואָס שלעכט איז און געמיין,
דאָס וואַקסט אַ דאָרן בלויז.

שטעכט דאָרן, וואו ער איז,
קען רויז געשטרויכלט זיין,
ס'פאַלט אויך אַמאָל אַ ריז,
ביים קלענסטן שטרויכל-שטיין ...

## זאָל זיך זינגען

זאָל זיך זינגען ווער עס וויל,
איך וועל מיינס זיך זינגען ;
גרייכט נאָר פון אַרום אַ קלאַנג,
נעמט שוין אייגן קלינגען.

שיינט וואָס נאָענט און היימיש איז,
פילט זיך דרייסט צו זינגען ;
טרעפט, וואָס וויים איז, אומבאַקאַנט,
ווער עס וויל זאָל קלינגען.

דרינגט נאָר טיף, וואָס דורכגעלעבט,
פילט שוין ס'האַרץ צו זינגען ;
נאָר, נאָכאַמען צען נאָך איינעם —
ווער עס וויל זאָל קלינגען.

# אינהאַלט:

## לידער פון היים און פון וועג

## לידער פון אַרום זיך

## לידער פון וועלט-אַל



## לידער פון בייגקן און אומרו

זייט



## לידער פון דזשאָנגל און אַנדערע לידער

## וועבער לידער און פּאָעמען



## לידער אויפן שייד־וועג און שפּיטאָל לידער

## לידער און עפּיגראַמען

# אַפאָריזמען—גלייך ווערטלעך
# און אַנדערע קלייניקייטן

* *
*

די ערגסטע שטראָף, איז פאַרן קלוגן,
וואָס לײדט אַממײנסט דערפאַר:
ווײל אַלץ די וועלט מאַכן קליגער —
און בלײבט אַלײן דער נאַר.

* * *

אַלערלײ מענטשן פאַראַנען אויף דער וועלט:
גאָלדענע מענטשן —
בריליאַנטענע מענטשן —
זײדענע מענטשן —
ביז דאָס אָפּפאַל פון זײד — "לעזעוואַל" מענטשן.

* * *

אַז אָפּגעשטאַנען וואַסער, מישט זיך אויף מאַנטנע
נישט קלאָר — אַ צוריק געשטאַנענער מענטש,
מישט זיך נישט קלאָר בײם זינען...

* * *

דער מענטש הײבט זיך אויף מיט זײן רום —
דער חצוף שפרינגט אַרויף.

* * *

מענטשן פאַרגעסן זיך גרינג
און דערמאָנען זיך שווער —
דאַרף מען שטענדיק מיט זײ אײנ'חזרן.

* * *

מענטשן, וואָס האָבן ניט זײער אײגענעם שכל,
זײנען ווי בלינדע — מען קען זײ גרינג פאַרפירן.

* * *

דער מענטש קען אַלעמאָל דאָס מענטשליכע בײַ זיך געפונען,
דער אוממענטש האָט קיינמאָל נישט בײַ זיך וואָס צו זוכן —.

* * *

נאַר, אַז עזות פּנים, קען זיך דאַמיט באַנעמען,
פאַר יעדער קליינקייט — יענעם פאַרשעמען.

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס נאַרן זיך אַליין מיט אַ יענער וועלט,
כדי צו קענען נאַרן אַנדערע אויף דער וועלט.

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס וואַרפן זיך מיט נדבות,
אויף זייער פרומער עלטער, וואָס דער טײַפל
האָט זיי אַרײַן געבראַכט אין דער יוגנט.

* * *

פרומקייט — קען מען אַמאָל פאַרגלײַכן צו דומקייט,
ווײַל נישט דער דומער און נישט דער פרומער,
ברענגען קענטענעס דעם מענטשן.

* * *

זאָרגן פאַר דער נשמה — קאָסט ביליגער,
ווי זאָרגן פאַרן גוף — דערפאַר זײַנען פאַראַן אַזוי פיל:
נשמה־פאַרזאָרגערס ...

* * *

אין אַ וועלט פון אומגלויבליכקייטן —
קען זיך קיינער ניט באַרימען, אַז זײַנס איז באַגלויבט.

* * *

אַז דער טייפל זיצט אויפן טראָן,
צינדט ער אַ גיהנום אָן.

* * *

אַ פאַרוועריעמטע נשמה —
ליידט אויף געוויסנס-לוזיקייט".

* * *

אַ הענקער — האָט פיינט אַ דענקער —

* * *

דער אינטריגאַנט — פאַרשלייערט זיין שאַנד.

* * *

אוממענטשן — ברענגען אום מענטשן —

* * *

אַמאָל האָבן ווילדע חיות נאָכגעיאָגט,
היינט יאָגט נאָך עפּעס אַנדערש —

* * *

אַמאָל איז אַ ווילדער וואַלד געווען ווייט,
היינט איז ער וואו ניט וואו —

* * *

ווילד-פליש — קען מען אויסשניידן —
אַ ווילדן מענטש, איז אויסצומיידן —

* * *

נישטאָ אַזוי פיל מלאכים אין הימל,
וויפיל טייוואָלים אויף דער ערד.

* * *

פון וואַנען שטאַמט דער מענטש ?
פון אַן אוממענטש —
פון וואַנען שטאַמט גאָט ?
פון אַן אָפּגאָט —

* * *

וואָס טויזנטער מענטשן גלויבן,
ווערט דער ליגנט דערהויבן.

* * *

ווען דער מוח דענקט נישט,
איז ס'האַרץ אַ בהמה —

* * *

פון אַ היץ־קאָפּ —
זעסט אַפילו ניט אַ פונק פון זין —

* * *

אַ מענטש אַן געדאַנק,
איז ווי אַ מענטש, וואָס איז קראַנק.

* * *

ווען דאָס האַרץ פאַרשווייגט,
טוען אַמאָל די ציין פאַרקריצן —

* * *

דער שכל איז אַ קריכער,
אַ פערד לויפט אַמאָל גיכער —

* * *

דאָס קאַלטע קריכט,
דאָס קאָכנדיקע לויפט איבער גיך —

* * *

צייטן גייען לאַנגזאַם —
ערֹאינערונגן לויפן —

* * *

אַז אַלטער צייכן,
נעמט מיט דער צייט פאַרבלייבן.

* * *

אַ פאַלשע אידעע,
איז ווי אַ פאַלשע מטבעה.

* * *

הירשן — הערשן נישט —
הערשער — קענען איבער פערד אויף הירזשן —

* * *

אַ גוט וואָרט מען קלערט —
אַ שלעכט וואָרט, איז נישט ווערט.

* * *

ווען אַלע ריידן — הערט נישט איינער —
ווען אַלע שווייגן — רייד צו די שטיינער —

* * *

פון צייט פאַרטרייבן,
קען גאָר נישט ניט בלייבן —
איז צייט אויפּטאָן,
קומסטו לײדיק נישט אָן.

* * *

אַ גרייז פאַרשטרייכט מען,
אַ נאַרישקייט פאַרמעקט מען,
אַ מאַסקע פאַרשטעלט מען,
אַ העלדישקייט באַווייזט מען.

* * *

פאַר באַליידיקן אַן עולם,
קענסט טרעפן אַ גולם —
פאַר באַליידיקן אַ מענטשן,
קענסט אַמאָל גומל־בענטשן.

* * *

אַ באַן, אַז מען פירט נישט גוט,
קען אַראָפּ פון די רעלסן —
אַ מענטש, אַז ער פירט זיך נישט גוט,
קען אַראָפּ פון זינען.

* * *

נאך א מעשה א מיאוסע,
קען זיך טרעפן געוויסנס־ביסע.

* * *

בעסער איז צו האבן אין זיך געוויסן,
איידער צו זיין פארביסן.

* * *

וואס ליגט מיר אונטערן אויער,
קומט אלעמאל אפויר —

* * *

א סוד פארן אויער,
איז ווי אן אפען טויער.

* * *

נאך א שלעכטן בייפאל —
קען טרעפן א גוטן איינפאל.

* * *

נאכן ספעקטאקל —
זעט מען דעם סך־הכל —

* * *

ווער עס זעצט אפ —
דער זיצט אפ —

* * *

א שליאך האלט זיךביים שלומפער,
א פאיאץ האלט זיך ביים קלימפער —

* * *

נישט געזאָרגט און געבאָרגט:
אויף די נויטן —
טרויעריג מען איז נאָך אַ טויטן.

* * *

אַ שטאָלצער אָרעמאַן,
איז נישט צו גלייכן צו קיין "פּאַן" —

* * *

יעדער חבר'ט זיך מיט זיינס גלייכן :
און קיין אָרעמאַן, איז נישט ליב דעם רייכן.

* * *

דער גייסט ציט חיונה פון מאָגן;
דערפאַר איז אַזוי שווער צו פאַרענטפערן :
דער מאָגן פראַגע —

* * *

וואו דאָס בהמות קומען, דאָרט בלאָזט מען:
אין פעלד — דער פאַסטעך,
אין פאַבריק — דער פייפער,
אין שול — דער שופר.

* * *

גייען אין דער וועלט אַריין —
קען מיינען ווי גיין זוכן אליהו־הנביא —
גייען ווי אויגן זיך טראָגן, קען אַפילו מיינען,
ווי זיך באַגעגענען מיטן טייפל —

* * *

שטער נישט דעם פלאפלער צו פלוישן
ס'קען נישט דער פלוישער ענטוישן.

* * *

א שמייכלער איז ערגער פון אן אפלאכער,
פון אן אפלאכער קען אנגייז א געוויין —
פון א שמייכלער קענסט אלעמאל זיך טועה זיין.

* * *

הינטער ווייסן אומשולדיקן שניי,
קען זיך געפינען א גליטש,
צו ברעכן האלדז און נאקן.

* * *

מענטשן ווערן ווייכהארציק
ווען ס'טרעפט נאטור'ס גרויזאמקייט —
אבער נישט ווען ס'טרעפט זייער אייגענע גרויזאמקייט ...

* * *

ס'איז א רחמנות, ווער ס'גייט אויף קאליעס,
ס'איז א חוזק, ווער ס'גייט אויף שטאלצן —
נאר' ס'איז א וואונדער, ווער ס'גייט אויפן קאפ,
ער זעט אלצדינג קאפויר —

* * *

ס'לעבן, ווי ס'זאל איינעם נישט מיאוס ווערן,
איז עס אלץ שענער, ווי דער טויט —

* * *

ס'טרעפט אמאל א זעלבסט-מערדער' וואס זעט אויס
שענער נאכן טויט, ווי ר'האט אויסגעזען ביים לעבן —

* * *

שטאַרק איז אַ שטעקן, איידער מען פּרואווט אים צעבּרעכן — אַזוי לאַנג איז מען שטאַרק, איידער מען פּרואווט אויס די שוואַכקייט —

* * *

איידער צו האָבּן אַ מערדער אין דער משפּחה, איז שוין בּעסער צו האָבּן אַ זעלבּסט־מערדער —

* * *

יעדעס מינדסטע הינטעל, קען ווערן אַ נאַכבּילער, כּדי צו ווייזן דעם בּעל־הבּית זיין געטריישאַפט —

* * *

אַ גוטער בּעל־הבּית, איז אויך זיין הונט גאַסט־פריינטלעך —

* * *

איבּער אַלע אַרבּעטער רייסערייען — פלעכט דער בּעל־הבּית זיין בּייטש אין צווייען ...

* * *

יעדער קען זיין אַ פרי־אויפשטייער — אָבּער נישט, יעדער קען זיין אַ פאַרשטעהער.

* * *

וואָס העכער מען שטייגט, אַלץ מער שווינדלט פאַר די אויגן — ווען מען הייבּט אָן פאַלן.

* * *

ווען מען איז קליין, גייען די פיסלעך אויף רעדלעך, ווען מען איז גרוים, דרייט זיך דער קאָפּ אויף שרויפן.

* * *

אויף היימישע וועגן טרעפט זיך אַ קינד זאָל בלאָנדזשן,
אויף פרעמדע וועגן,
קען אַפּילו אַ גרויסער מענטש פאַרבלאָנדזשן.

* * *

דער גרעסטער מענטש, קען ניט לעבן פאַר זיך אַליין;
ווען ניט וואָלט ער ניט באַוויזן זיין גרויסקייט —

* * *

גאָט און אַ פּרוש, קענען נאָר זיין אָפּגעזונדערט,
גאָט, וואָס האָט שוין אויפגעטאָן —
און אַ פּרוש, וואָס קען גאָר נישט ניט אויפטאָן.

* * *

וויַיז נישט דיין עניבות, פאַר אַ גרוים־האַלטער,
ער וועט זיך ערשט האָבן מיט וואָס צו רימען.

* * *

וויפיל פּרואווען זיך דערהייבן,
דורך טוען יענעמען נידעריג מאַכן.

* * *

פאַרבייגיין פאַר אַ פּיינט, איז ווי פאַרבייגיין,
פאַר אומווירדיקס, וואָס פאַרמיידסט צו קוקן.

* * *

אויף אַ פרעמדן, איז כעס שווער צו טראָגן,
אויף אַן אייגענעם, איז זיך נאָר צו באַקלאָגן.

* * *

בעסער איז אין אַ שלעכטע דירה צו וואוינען,
איידער אָן אַ וואוינונג צו האָבן צו ווײנען.

* * *

א פארשטאפּטער מוח, איז ווי א נעבלדיקער טאג :
אין א נעבלדיקן טאג, איז נישטא, וואס צו זען —
פון א פארשטאפּטן מוח, קומט גאר ניט ארויס פון זינען.

* * *

שלעכטע ארבעט פון אמאל, קען זיך אויסארבעטן,
שלעכטע געוואוינהייטן פון אמאל, קענען זיך נישט אפּגעוויינען.

* * *

קאליעדיקע מאשינען טויגן אויף ברוך —
קאליעדיקע גלידער זיינען א פלוך.

* * *

קום נישט אנצולויפן, ווי א רוח, מען זאל,
ווי פאר א בייז אנשיקעניש שרעקן זיך.

* * *

בעסער איז דאס שלעכטע אויסצומיידן,
איידער דאס שלעכטס אויסצוליידן.

* * *

גאלד א שלל, איז היוצא מן הכלל —
נאר, דער גיריקסטער, וואס איז דא
נעמען, נעמט עס צו —

* * *

ווער פרייט זיך מיט אלטע זאכן ?
ווער ס'קען קיין נייע זיך ניט מאכן.

* * *

נאך די צוויטן שלעפּט זיך נאך דער דלות,
נאך א קבצן — די זיבן פּאלעס.

* * *

אן אֻרעמאַנס וואוינונג, איז דלד על דלד —
א רייכנס קבר, איז אויך א פּאַלאַץ —

* * *

געלט און א שוועבעלע פעלט מיר שטענדיק אוים,
פונם גרעסטן, ביזן קלענסטן.

* * *

דאָס לעבן איז קורץ, ווי א קינדערש העמדל :
און פיל מאָל גאָר נישט אנגענעם —

* * *

דער טרוים, איז אמאָל זים,
נאָר, דער באשייד, איז אָפט מאָל ביטער.

* * *

דאָס לעבן, איז א דורשטיקער קוואַל,
דאָס ביטערע קלייבט זיך אָן אין גאַל.

* * *

א העלד קעמפּט פאַרן לעבן,
א שוועבלונג נעמט זיך ס'לעבן.

* * *

מיט וואָס איינער ווערט פאַרמעגלעך,
ווערט אנאַנדערן קלעגלעך —

* * *

— קלעגלעך —
גראַמט זיך מיט אָנערטרעגלעך —

* * *

אַנגעוואוירן גליק —
קומט דאָס רוב ניט צוריק.

* * *

יעדער מענטש שאַצט אָפּ זיין ווערט,
לויט ווי וויכטיק ער איז —

* * *

דער רייכער שאַצט אָפּ זיין ווערט,
לויט דעם בייטעל —

* * *

פון אויסנווייניק שאַצט מען,
פון אינערווייניק פּלאַצט מען —

* * *

וואָס שלעכט איז פאַר איינעם,
איז נישט גוט פאַר קיינעם.

* * *

איינער קוויקט זיך מיט לאָרבער קראַנצן —
און אַן אַנאַנדערן בייסן די וואַנצן.

* * *

איינער זאַמלט זיינע לויב־געזאַנגן —
און אַן אַנאַנדערער קען זיי נישט דערלאַנגן.

* * *

קענסט דאָס לעבערליכע ניט פאַרריכטן,
וואָס נייִ און גוטס קען אויפריכטן.

* * *

לעבן אין געדאנק —
לעבט א עלעפאנט לאנג.

* * *

ווען דער גייסט צום אפגרונט זינקט,
א ביטערע איראניע קלינגט.

* * *

ווען דער מוח ווערט אויסגעצערט,
אפילו קיין ווארט ניט געבערט.

* * *

לאנג ווי עס געדויערט א בליץ,
איז צו קורץ פאר א פעדער שפריץ.

* * *

נישט יעדן דינט דער מארך אויף די אלטע יאר,
טרעפסט אפט אין עובר־בטל גאר —

* * *

יונגע מענטשן מיט נייס זיך פוצן,
אלטע מענטשן, אלטעס נוצן —

* * *

פון א בעטלער, ביז א מלך,
צו זיין א קבצן איז נישט פריילעך.

* * *

איין פאטער קען שפייזן זיבן קינדער,
זיבן קינדער ווארפן זיך מיטן פאטער,
ווי מיט א זינדער —

* * *

אַ יונג בוימל לאָזט זיך בויגן,
אַן אַלטער בוים האָט הארטע צווייגן —

* * *

אַן אָפּגעדאַרטן בוים קען מען נאָך פאַרטראָגן,
אַ טויטן מענטשן, מוז מען אַוועק טראָגן —

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן קיין צייט נישט צו לעבן —
און פאַראַן מענטשן,
וואָס נעמען זיך צייט אַפילו צו קריינקן.

* * *

פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן קיין צייט נישט —
און שטאַרבן פאַר דער צייט —

* * *

קענסט ביים לעבן נישט פאַרמאָגן,
וויפיל שבחים מ'עט דיר נאָכזאָגן —

* * *

איידער אַ פיינט זאָל באַקלאָגן,
איז שוין בעסער ר'זאָל שלעכטעס נאָכזאָגן —

* * *

ס'לעבן לאָזט זיך באַדינען —
אַ טויטן קען מען נאָר איינמאָל באַדינען —

* * *

אָפּגעבן כבוד אַ טויטן —
איז נישטאָ וואָס מקנא צו זיין.

* * *

אַ קברות־מאַן וואוינט אַממיינסט הינטער שטאָטישן
בית־עולם, ווייל מען האָט ניט ליב אים צו באַגעגענען.

* * *

אַז ס'שטאַרבט אַ באַגרעבער ווערט פרייליכער אויפן
הארצן, ס'וועט ניט זיין, ווער עס זאָל באַגראָבן —

* * *

ווען איינער איז קראַנק, קען ער זען וויפיל בריינט
ער האָט, וואָס קומען אים באַזוכן —
ווען איינער שטאַרבט, קומען פיינט אויך באַגראָבן.

* * *

פּאַציענט — צו אַ קראַנקן־שוועסטער :
דו ביסט מיין איינציקער פריינט, וואָס שטעכט
מיט נידלען — און מיינסט מיר ניט, קיין שלעכטס צו טאָן.

* * *

פאַר גאָלד קריגסט אַ דימענט, וואָס שניידט —
אַז געלט קען אַ קאַליעקע אַ כירורג אויך שניידן.

* * *

אַ שפּיטאָל האָט אַלערליי קראַנקע, אַזעלכע, וואָס האָבן זיך
געוואָלט נעמען ס'לעבן : און מען לאָזט זיי נ ט שטא־בן—
און אַזעלכע וואָס אַ קריינק לאָזט זיי נישט לעבן.

* * *

קראַנק זיין איז אַן אומגליק —
ווען מען איז געזונד — פרייט זיך מיטן געזונד —

* * *

דער סוף פון אַ קראַנקן,
שמעקט, ווי אַ קנויטל אין צאַנקן —

* * *

דאַס בעט ציט צו אַ קראַנקן —
און פרישט אויף אַ געזונדן —

* * *

אַ נאַר איז נאָך ערגער פון אַ קרענק,
אַ קרענק, קען מען אויסהיילן —
פון אַ נאַר שעמט מען זיך צו פאַרציילן —

* * *

הייב נישט אָן מיט קיין קרענק,
ס׳קען דיר שאַטן צום געזונד —

* * *

אַן איינגערעדטע קרענק —
בעסער דערפון ניט דענק —

* * *

אין וואָס איינער טראַכט זיך אַריין,
באַשעפטיקט ער זיך מיין —

* * *

דער וואָס ליידט אַליין,
פילט אויך מיט דעם אַנדערנס פיין —

* * *

ווען דאָס האַרץ איז טרויעריג,
ווילט זיך ס׳פנים ניט ווייזן —

* * *

וועמען די וועלט איז צו ווינציק —
וועט דער גרוב סטייען גענוג —

* * *

אַ מת נאָך דער קבורה,
האָט שוין אַן אייביקע דירה —

* * *

טרויע נישט יענעם צופיל,
וועסטו ווינציקער אנטוישט ווערן.

* * *

ווען טויזנטער מענטשן צווייפלען,
קענסטו קיין אמת נישט דערגיין.

* * *

נישט אַלצדינג, וואָס איז וויכטיק,
שאַצט מען אָפּ ריכטיק —

* * *

איינער, וואָס איז קורצזיכטיק,
קען אַמאָל זען מיטן שכל ריכטיק.

* * *

איינער, וואָס קריגט זיך אַרום,
האָט מען פיינט אומעטום.

* * *

נייגעריקע טוען אויסהערן,
לאַנגווייליקע אַנטשלאָפן ווערן.

* * *

נישט יעדן קען מען אַנפּאַרטרויען,
זאָלסט אים קענען טרויען.

* * *

בעסער איז צו פאַרהערן,
איידער מיספאַרשטאַנען ווערן —

* * *

נישט יעדן אזוי גרינג גייט,
צו קענעז פארשווענדן די צייט.

* * *

וואס איינעמען געפעלט,
פעלט אנאנדערן געשמאק.

* * *

א מענטש, וואס איז באשיידן,
איז גרינג צו בארײדן —

* * *

מאך זיך אליין ניט גרויס:
איבער דיין הויז —

* * *

אויפריכטיקייט — רעכטפערטיקט —

* * *

רכילות, וואס איינער שפייט אויס,
טוט דער אנדערער אראפ שלינגען —

* * *

ווען צוויי מענטשן שפארן זיך —
שפארט זיך איינער אינאנדערן אריין —

* * *

פון א ציניקער —
קען ווערן א שלעכטער כעמיקער —

* * *

פאר אויסמיידן — פארשפארסט אויסריידן —

* * *

צום ערשט מוז מען אליין קענען —
דערנאָך טוען אַנדערע אַנערקענען —

* * *

אַ מאָלעריי זעט מען בעסער פון ווייטן,
אַ מענטשן דערקענט מען בעסער פון דער נאָענט.

* * *

אַ פעדער הייבט מען אויף גרינג
אַז אַרבעט טוט זיך שווער —

* * *

אַ בלום וואַקסט מיט דער נאַטור —
אַ זאַך מאַכט מען מיט שכל.

* * *

אַ באַראַבאַנטשיק — קען נישט קלאַפּען
אין דער פּויק אַריין מיט אַ קאַנטשיק —

* * *

אַ קאַריקאַטור — איז נישט אַלעמאָל וואָר —

* * *

אין שפּיגל קען מען אַמאָל אויסזען גרעסער, ווי מען איז—

* * *

דאָס גרויסקייט פון אַ נאַר,
קען אַמאָל באַשטיין אין וואוקס —

* * *

אַמאָל קענסטו געפינען אַ קליינעם מענטשן,
וואָס האָט גרויסע פּאַרלאַנגען —

* * *

וועמען איז די צייט טייער,
ווען דאָס לעבן איז ביליג אַ דרייער?

* * *

אין שלעכטע צייטן, איז שווער אויף עפּעס
רעכטס אויסצובייטן —

* * *

באָרג נישט אַוועק פון לייב דיין העמד,
דו זאָלסט אַליין ניט ווערן פאַרשעמט —

* * *

פאַראַן צוזאָגערס און אָפּזאָגערס —
אַ צוזאָגער — דאַרף אַ גוט זאָגער —

* * *

ווער עס פאַרמאָגט מזל אַ קווינט,
דעם, דער שלים־מזל דינט —

* * *

איינער טראָגט, די לאָרבער־קראַנצן —
און אַ צווייטן די דערנער קרוינען.

* * *

איינער שפּילט אין נאָטן;
און אַ צווייטער שפּילט אין קאָרטן —

* * *

דעם שכור, דרייט זיך דער קאָפּ פון בראַנפן,
דעם לופט־מענטש, דרייט זיך דער קאָפּ,
וואו דער ווינט בלאָזט —

* * *

אַ קאָרטן־שפּילער שטעלט איין אויפן שפּיץ־קאָרט —
אַ גנב שטעלט זיך איין ביזן באָד —

* * *

אַ קאָרטן־שפּילער, דאַרף נישט גיין צו קיין תשליך,
קען זיך אויסשאָקלען די טאַשן ביי די קאָרטן־פּעשלעך —

* * *

דעם גנב גליקט אָפּ,
ווען דו נעמסט פון אים דאָס אויג אַראָפּ —

* * *

דער שטענדיק באַליידיקטער, ער כאַפּט אויף ווערטער.
ווי אַ היצעל כאַפּט אויף הינט —

* * *

בעסער איז צו האָבן צעדרייטע שוך,
איידער אַ צעדרייטן קאָפּ —

* * *

— אַ צעדרייטער —
קען נישט קריכן אויף קיין לייטער —

* * *

בעסער איז צו פאַלן אין פּרייז —
איידער צו פאַלן אויף די קניע —

* * *

בעסער איז אַ ליידיקע קעשענע,
איידער אַ ליידיקער מענטש :
אַ ליידיקע קעשענע פאַלט גאָר נישט ניט אַרויס —
אַ ליידיקער מענטש פאַלט ביי זיך אַראָפּ —

* * *

דער ערליכער גלויבט — אַלע זיינען ערליך,
איז אים גרינג אָפּצונאַרן —

* * *

דער שווינדלער טראַכט זיך — אַלע זיינען שווינדלער,
מעג ער דאָך אַוודאי יעדן באַשווינדלען —

* * *

דער שווינדלער, קען זיך גרינגער ארויס דרייען
מיט הונדערט תרוצים — איידער דעם ערליכן
פּאַלט איין — תרוץ —

* * *

דער ליגנט האָט ביי אַלעמען דעם זעלבן קופּערנעם שטערן,
נאָר, דער אמת האָט ביי יעדן אַנאַנדער פּנים —
שעמט זיך אַמאָל איינער צו זאָגן זיין אמת —

* * *

זוכנדיק דעם אמת—קענסט אַממיינסט טרעפן דעם ליגנט —

* * *

אַן איינגעפונדעוועטע ליגנט,
איז ביי ס'רוב אַן אמת —

* * *

דער ליגנער דאַרף אַלעמאָל שווערן:
צו באַשטעטיקן זיין ליגנט —

* * *

מאַך נישט קיין פאַרוואורפן דעם ליגנער,
ר'וועט דיר זאָגן אַ גרעסערן ליגנט —

* * *

אפט מאָל איז אַנגענעמער דאָס געזעגענען —
איידער דאָס באַגעגענען —

* * *

חלומות—קענען זיך אמאָל אַזוי פארפּלאָנטערן איז שלאָף,
אַז מען קען זיך אַמאָל זעען, פון אור־אור־אור־שטאָם,
פון וועם מען קומט אַרויס —

* * *

דער מענטש אין זיין אומוויסענהייט, האָט זיך
אַ העכערעס ווען אויסגעטראכט —
איז אים גרינג צו פאַרענטפערן:
ס'ווען — ווייסט שוין אלעם —

* * *

דער גלויביקער בויט זיין פאַנטאזיע פון גלויבן:
— פון אויבן —

* * *

גלויבן — קען מען אַמאָל פאַרגלייכן צו הייוון:
יערט אויף און פאַלט אַרונטער —

* * *

צום ערשט האָט דער מענטש געטאָן איינ'חזרן ס'געבעט
פאַר די געטער — ביז ר'האָט זיך אויסגעלערנט צ
בעטן ביי מענטשן —

* * *

בעטן צום הימל — פילסטו ביי זיך, ווי געפאַלן —
בעטן ביי מענטשן — פילסטו זיך ערנידעריגט —

* * *

אַ גנב טרעפט זיך אויך, איז אַ גאַטס בעטער
די גנבות זאָלן אים אָפּגליקן —

* * *

דער רייכער בעט צו גאָט, אַז דער אָרעמער
זאָל ביי אים בעטן —

* * *

דער אָרעמאַן בעט צו גאָט, ער זאָל נישט ברויכן צו בעטן—

* * *

פון בעטן — בעטן — בעטן —
ווערט מען אַ בעטלער —

* * *

פון צופיל געטער —
איז נישטאָ קיין איינער קיין רעטער —

* * *

אַ בליק פאַרזעען —
קען אמאָל אַ געפאַר געשען —

* * *

אַ גוטן זכרון — געדענקט זיך אויף יאָרן —

* * *

ווער עס דזשאַלעוועט נישט קיין רייד,
דאָס ווענדט זיך ביי ווען ס׳איז אַנגעליינט —

* * *

אַסך מענטשן קענען ניט פאַרטראָגן,
וואָס אַנדערע מענטשן האָבן צו זאָגן —

* * *

מאַנכע מענטשן האָבן ניט ליב יענעם אויסצוהערן,
ווי זיי וואָלטן ביי זיך קלענער ווערן —

* * *

אויפגערעגטע מענטשן —
זיינען פון טייפל פארשאלטן —

* * *

רואיקע מענטשן — טוט די נאטור בענטשן —

* * *

אויסגעלעבטע יאר,
איז א געשאנק פון דער נאטור —

* * *

א גרויסער מענטש, וואס פארפירט א קינד,
איז נאך גרעסער די זינד —

* * *

וואס גרעסער דער פארראט,
אלץ שענדליכער דער טאט —

* * *

פאר א פאררעטער — ווער נישט קיין בעטער —

* * *

לאז אים לויפן, ווי א הונט,
וועט ער צוריק קומען געשווינדט —

* * *

אויף פארוואורפן — ווארפט זיך אן אויסוואורף —

* * *

פון זידל און שנידל — שארסטו, מיסט א פולן רידל —

* * *

דער אידיאט — מאכט זיך אלייז צו שפאט —

* * *

א שאַכער־מאַכער —
קען אַפילו פאַרשאַכערן
א דבר־אחר —

* * *

פאַלשע געלט מאַכער,
פעלשן אין געהיים —
די מיט פאַלשע נעמען,
ווייכן פון דער היים —

* * *

דורך הינטער טירן,
טוט דער שקר פאַרפירן —

* * *

צווישן פאַלשע מטבעות,
קען קיין מטבע נישט קלינגען עכט —

* * *

קליינליכע מענטשן —
ריידן איבער זייער קליינליכקייט —

* * *

פאַר טאַדלען יענעמס גרויסקייט,
ווערט דיין קליינקייט נאָך מער געטאַדלט —

* * *

פיל מאָל קען מען זיך אַליין נישט דערקענען,
ווי איז נאָך שווער יענעם צו דערקענען.

* * *

דאס שווערסטע בוך צום פארשטיין,
איז דאס לעבן — .
דאס גרעסטע בוך צום פארשטיין,
איז די וועלט —

* * *

דער שווייגער, שווייגט זיך אוים,
דער רעדנער, רעדט זיך אוים,
ביז ביידע גלייכן זיך אוים —

* * *

איך קענט מיר נישט איינריידן :
אויף יענער וועלט א גן־עדן —

* * *

ווער, אויף דער וועלט איז בארופן :
מיט גיהנום צו שטראפן —

* * *

וואס פריער מען מארטעט זיך אפ ס'לעבן,
אלץ גיכער הייבט מען אפ נאכן טויט —

א שאד פאר זיך, איז נישט אלעמאל א שאד פאר יענעם—
א שאד פאר יענעם, איז שטענדיק א שאד פאר זיך—

* * *

אין א מענטשנס וויינען, דערקענט מען זיין צער,
אין א מענטשנס לאכן, קען מען דערקענען זיין נארישקייט,
אין א מענטשנס אויפפירן זיך, זעט מען זיין קלוגקייט —

* * *

א בוך אן א קריטיקער, איז ווי א ממזר'על אן א טאטן.
אבער נישט יעדער פאטער קען זיין קינד שטראפן:
און נישט יעדער קריטיקער קען א בוך קריטיקירן —

* * *

לויט דעם טיטעל, וואס מען שרייבט דעם קריטיקער אויף
אויפן בוך — שרייבט דער קריטיקער פונם בוך —

* * *

ווען דער קריטיקער מיטן דיכטער עסן צוזאמען,
ביי איין טיש — דערלאנגן זיך ביידע זאלץ און פעפער —

* * *

די מער־צאל קריטיקער פארגלייכן פאעזיע צו א צימעס,
ווען מען איז שוין זאט אנגעגעסן, מען עסט שוין
אן אפעטיט און ס'שלאגט קאפויר —

* * *

אויפן קלאנג פון דער מטבע, קען יעדער
בעסער זאגן מבינות — איידער אויפן קלאנג פון ליד —

* * *

פאראן א רעדאקטאר, וואס קען צורעכט מאכן גערינכטן:
און קאליע מאכן גערינכטן —

* * *

אונדזער באוואוסטער קריטיקער, איז א ווייסער ניגער.
וואס דען א שווארצער ניגער?
וועט מען דען ארויס זעען —

* * *

פאר מאנכע ביכער־ליבהאבער, מוזן די ביכער שטענדערס,
אויך זיין פון דענקער — און פאר אסך אנדערע
ליבהאבער קענען אפילו די ביכער זיין פון פערד'ס קעפ—

* * *

דער צוזאמען שטעלער פון דער אנטילאגיע (איש־תם)
איז נישט אויסן קיין דיכטער צו פארשעמען —
ער זאמלט בלויז די לידער, פון את די דיכטער,
ווענענס פאר טולער ער קען צושטייער נעמען —

* * *

וויפיל שרייבער זיינען פאראן אויף דער וועלט,
וואס זיי שרייבן נאר פאר געלט?
און וואלט זייער שרייבעריי, זיי ניט געלוינט,
זיי וואלטן בעסער זייער פען אפגעשווינט —

* * *

פאראן שרייבער, וואס ווארפן זיך מיט ווערטער,
ווי זיי וואלטן אננעמען א פול מויל וואסער צום שפריצן—

* * *

מאנכע שרייבער, שרייבן אזעלכע לאנגע זאצן,
אז דער לייענער קען צעזעצט ווערן —

* * *

אין דער סוחר'שע וועלט — זיינען פאראנען
גרויסע סוחרים און קליינע סוחרים — די גרויסע סוחרים,
האבן אלעמאל די גרעסטע רעקלאמע אגענטן —
אין דער שרייבערשע וועלט — האבן די גרויסע שרייבער,
די גרעסטע רעקלאמע שרייערס —

* * *

דעם פויער'ס הונט —

אַ נייע בוך, אַקאַרשט, וואָס ערשיינט, איז ווי אַן
אומשולדיק־קינד, וואָס קיינער קיין שלעכט וואָרט,
האָט נאָך נישט געלאָזט פאַלן דערויף — שפּעטער ווען
ס'בוך קומט אין שלעכטע קריטיקער'ס מיילער אַריין —
הייבן זיי עס אָן ערשט באַריידן: און פיל מאָל זעט
זיך אַרויס: דער שרייבער מיטן בוך, איז ווי יענער
דאָרף שניידער, וואָס שלעפּט זיין פּאַק קליידער
אויף די פּלייצעס: און כאָטש ער האָט דעם פויער שוין
באַקליידט, צו ער גייט ערשט, אים באַקליידן —
דאָך בילט דעם פויער'ס הונט אים נאָך —

* * *

בעסער איז אַ קלענערער מאָס ערליכקייט,
איידער אַ גרעסערן ראַנג קינסטלערישקייט —

* * *

ווי איינער לעבט זיך — אַזוי זינגט ער זיך —

* * *

ווער עס קען נישט גוט ציטירן,
קען צום שלעכטן איבערפירן —

* * *

דער מאָלער מאָלט דאָס לעבן
דער פּאָרטאַטש שמירט דאָס לעבן —

* * *

דעם לעבנס־טורעם, וואָס דער מענטש בויט,
לאָזט ער איבער פאַר דערמאָנונג אויף נאָכן טויט —

* * *

סיי דער קינסטלער, סיי דער קלאָון,
דאַרפן קיינמאָל זיך ניט שרעקן פאַר אַ עולם־גולם:
ר׳וועט זיי שטענדיק אַפּלאָדירן —

* * *

ווען איינער שלאָפט איין ביים לייענען אַ בוך,
ווי וואָלט ער נאָך איינגעשלאָפן אין אַ ביבליאָטעק?
וואו ס׳געפינען זיך טויזנטער ביכער —

* * *

אַ קליין תלמוד׳על ביים רבין, דאַרף אַלעמאָל קריגן,
אַ קנייפּ אין בעקל — ווען נישט וועט עס פאַרגעסן,
אַז ס׳קען עפּעס —

* * *

אַם בעסטן קען מען פאַרשטיין איינעם׳ס קאָטשערע
און לאָפּעטע כתב, ווען ער שרייבט כאָטש אונטער
צום סוף — האָסט מיך פאַרשטאַנען?

* * *

אין ווערטער־בוך קענסט אַן שאָדן געזאָגט טרעפן:
אַ שיין וואָרט, לעבן אַ מיאוס וואָרט —

* * *

מאַנכע דיכטער ווערן באַגייסטערט,
פון פרומע, צעקראַכענע נשמות —
אַז זיי זינגן זיך אונטער דעם אשר־יצר

* * *

איך קען בעסער פאַרשטיין אַ פרעמדן,
וואָס רעדט מיט האַרץ,
איידער אַן אייגענעם, וואָס רעדט אונטערן נאָז —

* * *

איך קען בעסער פאַרשטיין אַ שטומען, וואָס רעדט
מיט די הענט, איידער אַ באַריידעוודיקע צונג —

* * *

הערן יענעמען, נישט אַלעמאָל קענסטו הערן —
הערן זיך אַליין, קען אַפילו אַ טויבער הערן —

* * *

פאַרשטיין יענעמען, נישט אַלעמאָל קענסטו פאַרשטיין —
פאַרשטיין זיך אַליין, קען אַפילו אַ נאַר גרינג פאַרשטיין.

* * *

אַ קליינליכער מענטש, האָט ליב צו מאַכן יענעם
נאָך קלענער, כדי ער זאָל אויסקוקן גרעסער —

* * *

מאַכן זיך נאַאיוו פּאַסט זיך פאַר אַ קינד,
מאַכן זיך צום נאַר, איז נאָך ערגער דערפאַר —

* * *

דער טרעפער — טרעפט אַזוי לאַנג,
ווי אַ בלינד פערד טרעפט אין גרוב אַריין —

* * *

דער קריכער — קריכט אַזוי לאַנג, ביז ער קען
פון דער בלאָטע נישט אַרויס קריכן —

* * *

איינגערעדטע זאַכן,
איז קיין קונץ נישט צו מאַכן,

* * *

די מער צאָל פּראָגראַמען,
קלינגען, ווי רעקלאַמען —

* * *

רימען זיך צום גוטן,
קען ניט קיינעם שאַטן —

* * *

אַלטע אַנטיקן,
אָפּט מאָל ענטציקן —

* * *

איבער געוועגדט —
אַ שניידער דערקענט —

* * *

וואָס אַ יאָר —
אַלץ מער ווערסטו געוואָר —

* * *

פון וואָס איינער רעדט —
דערקענט מען, וואָס ער איז —

* * *

גרויס מוטיקע לייט —
אַנערקענט די צייט —

* * *

אין אַ נייע דירה,
קריגט מען אַ שענערע צורה.

* * *

וואָס אין חלום איז קלאָר,
איז וואַכנדיק נישט וואָר.

* * *

געגאַנגען קרוע — בלויע —
און געפונען אַ מציאה.

* * *

געזאָגט און געטאָן,
און ס'הייבט זיך נישט אָן —

* * *

געוואויגן און געמאָסטן:
און ערליך זאָל קאָסטן —

* * *

ס'געווויסן —
גרייכט אַממיינסט לויט דעם ביסן —

* * *

פוצט זיך אָפּ פון אייגענעם שטויב —
און ריכט זיך איין אין פרעמדן שטויב —

* * *

פון האַנדל־וואַנדל ווערסט פאַרטראַגן,
ווי פון ווינט אַ זאַמדל —

* * *

נאך גע'פטר'טע צייט,
קיין חרטה באשטייט —

* * *

מיט אלעמען זיך צעקריגט:
און ווי א נזיר זיך אפגעשיידט —

* * *

גערעדט אוף אלע פריינט:
און געמאכט אלע פאר פיינט —

* * *

וואס טראגסט אונטערן הארצן,
קען דיר ס'פנים פארשווארצן —

* * *

וואס רעדסט אונטער די אויגן,
איז א פייל אויסן בויגן —

* * *

וואס הערסט אונטער דער וואנט,
איז דיין אייגענע שאנד —

* * *

בעסער איז נאכצוטאן א קלוגן,
איידער אליין צו טאן נאריש —

* * *

זיך זעען מיט א צווייטן,
איז ווי זיך זעען מיט לייטן —

* * *

קענסט אַמאָל זוכן אַ מענטשן —
כאַטש דו שטייסט דערנעבן —

* * *

דריי זיך נישט אַוועק פֿון דיין אָרעמען ברודער,
אַפּילו ער וועט שפּעטער, דיך באַלעסטיקן ווידער —

* * *

בעסער איז צו האָבן גאָט אין האַרצן,
איידער אין הימל —
צום הימל הייבסט דעם קאָפּ אויף פֿאַררייסן —
גאָט אין האַרצן דיקטירט ס'געווייסן ...

* * *

גלויבן אין אַ הימל, איז אַן אומוויסנקייט —
גלויבן אין אַ מענטשן, איז נאָך ערגער פֿון אַ נאַרישקייט.

* * *

גלייכער איז צו לאָזן זיך פֿאַרברענען
נאָכן טויט — אַז אַ גאָט —
איידער ביים לעבן פֿאַר אַ גאָט —

* * *

ווער עס פֿאַרגעסט דעם טויט,
געדענקט בעסער ס'לעבן —

* * *

ווער ס'וויל האָבן יענער וועלט נאָכן טויט,
פֿאַרזעט ביים לעבן דער וועלט —

* * *

אַ פאַלשער אידייען־פריידיקער,
רעכטפערטיקט זיך דערמיט:
וואָס ס'באַצאָלונג, וואָס ער קריגט,
איז כאָטש עכט —

* * *

פאַרשוואַרצט זיינען מיר,
בלאָז און בלוי קריגן מיר,
גרינע־גאַל ברעכן מיר,
נאָר ניט די האָפן פארלירן מיר —

* * *

פאָלקס ווערטעל:
וואָס איינער קען אַריינזאָגן,
קענען צען ניט פאַרטראָגן —

* * *

אַ שרייבער טרעפט זיך אויכעט,
אַ רכילות טרייבער ---

* * *

שונד געשריבן, איז אַלעמאָל איבערטריבן —

* * *

אַ שיינע פלוידעריי, איז אויך אַמאָל כדי —

* * *

אַ ליגנער קען אַרום גיין מיט זיין ליגנט און יענעם
שאָדן טאָן — אַ קראַנקער, וואָס ליגט שטענדיק צו בעט,
קען ווערן זיין אייגענער ליגנער—ווייל שטענדיק ליגט ער.

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

פאַר יעדן הויז ליגט אַ שטיין,
איז ער ניט גרויס, איז ער קליין —

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

יענעמס גראָז, איז שטענדיק גרין,
ביז מען קומט אַהין —

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

אַזוי ווי דער האַר האַלט דאָס הינטעל,
אַזוי האַלט ער — ס'גאַנצע געזונדל —

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

וואו די גרויסע גאַנז גייט,
גייען די קליינע גענזעלעך נאָך —

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

שטעל דיך נישט אין שיין —
דער טאַטע איז נישט קיין גלעזער —

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

בעסער געבוירן — איידער ערצויגן —

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

וואָס דו ווילסט זעען אַז מיר —
דאָס וויל איך זעען אַז דיר —

* * *

פאָלקס־ווערטעל:

אַז מאַן און ווייב ליגן אויף איין קישן,
טאָר אַ פרעמדער זיך ניט מישן —

* * *

כטראַשע היינט און סטראַשע מאָרגן,
פאַרן מענה־לשון דאַרפסט ניט זאָרגן —

* * *

ווען דאָס ווייב שרייט, שטעל איר צו אַ פּוסן־בענקעלע,
וועט זי קענען העכער שרייען —

* * *

די וועלט דרייט זיך אַרום דער זון —
און אַנדערע דרייען זיך אַרום דעם נעכטיקן טאָג —

* * *

אַז "אַקשענירער" —
איז אַממייַנסט אַ פּאַרפירער —

* * *

ווען די ליצעטאַציע איז פאַרביי,
נישט איינעם טרעפט דאָס אָפּנאַרעריי —

* * *

אַ ציגיינערן זאָגט אַלעמאָל אַ שפּרוך,
נאָר די פינגער קלעפּען זיך איר נאָך:
צו די פרעמדע קעשענעס אַ באַזוך —

* * *

ווען איינעמס גאַנצע לעבן, איז אַ פאַרשווועכונג,
הייבט ער באַלד די האַנט צום שווערן:
ר'איז ריין פון זינד —

* * *

דאָס גרויסקייט פון א העלד,
איז א מאַרטירער פאַר דער וועלט —

* * *

דער נעכטיקער טאָג,
איז דער היינטיקער וועג־ווייזער —

* * *

דער מאָרגן — איז פאַרבאָרגן —

* * *

די צוקונפט'ס אידעאַלן —
זיינען די האָפן פון דער געגנוואַרט —

* * *

צו זיין א פּראָפעט —
קומט נישט דערפאַר קיין "פּראָפיט" —

* * *

דאָס גוטע איז א שאָד,
דאָס שלעכטע אממיינסט געראָט;
דאָס וואַרהאַפטיקע פעלט,
דאָס פאַלשע קריגסט באַשטעלט —
א פאַלשע מאָס נאַרט אוועק,
א פאַלשע טרייסט מאַכט לאַנגוויל;
און מיטן גרעסטן אומרעכט,
דו שפּאַרסט דיך צו זיין גערעכט ...